# מענדעלע מו״ס



1936 • 1836

„קינדער־פריינד“, ווארשע 1936

מענדעלע מוכער ספאָרים
(מענדעלע מוכר ספרים)

# שלוימע רעב כאַיִמס

## (שלמה ר' חיימס)

אויסגאַבע פאַר יוגנט צום הונדערטסטן געבורטסטאָג
פון מענדעלען.

באַאַרבעט:
י. ראָטנבערג

ביאָגראַפיע:
כ. ש. קאַזדאַן



„קינדער-פריינד“, וואַרשע 1936

# מענדעלע מויכער ספאָרים

געבוירן דעם 2־טן יאַנואַר 1836 — געשטאָרבן דעם 8־טן דעצעמבער 1917.

עס איז איצט הונדערט יאָר פונעם טאָג, ווען מענדעלע מויכער ספאָרים איז געבוירן געוואָרן (2־טן יאַנואַר, 1836). איבער דער גאַנצער וועלט פּײַערן איצט די יידישע פאָלקסמאַסן דעם מענדעלע־יובילײַ. זייער פיל האָט זיך געענדערט אינעם יידישן לעבן פאַר אָט די הונדערט יאָר! און מענדעלע איז געווען איינער פון די, וואָס האָבן געהאָלפן איבערגעשטאַלטן דאָס לעבן פון די יידישע פאָלקסמאַסן פאַר די יאָרן. גערעכט איז געווען י. ל. פּערעץ, ווען ער האָט געשריבן, אַז מענדעלע איז „אין פיל, פיל זאַכן" געווען „דער ערשטער", דער ערפינדער, דער באַשאַפער". לאָמיר זיך באַקענען מיטן לעבן און שאַפן פון אָט דעם גרויסן מאַן מיטן פּאַשעטן נאָמען „מענדעלע מויכער ספאָרים".

* * *

מענדעלע איז געבוירן געוואָרן אין אַ קליין פאַרוואָרפן שטעטעלע קאַפּוליע, מינסקער גובערניע, אין ווייסרוסלאַנד. עס איז געווען דאָס אַמאָליקע צאַרישע רוסלאַנד. עס האָט געהערשט דער גרויזאַמער רוסישער קייזער ניקאָלאַי דער ערשטער. יידן האָבן געוווינט איבער שטעט און שטעטלעך פון „טכום" — נישט איבער גאַנץ רוסלאַנד האָבן זיי געמעגט וווינען און געקענט זיך פרײַ באַוועגן. פון די דערפער האָט מען יידן געהאַלטן אין איין טרײַבן — אַלץ אין די שטעטלעך אַרײַן. מ'האָט זיי אויך גע־טריבן פון די געגנטן, וואָס זענען געלעגן בײַ די גרענעצן. די צאַרישע רעגירונג איז געווען פאַרנומען מיט איין געדאַנק: אויסגעפינען אַלע מיטלען צו פאַרקלענערן די צאָל יידן אין דער רוסישער מעלוכע. מ'האָט די גרויסע יידישע מאַסן אײַנגעפרעסט אין געצײַלטע ווינקלעך, און די מאַסן האָבן זיך דאָרט גע־דריקט און געשטיקט. מ'האָט בײַ יידן צוגענומען דאָס רעכט צו

פאַרנעמען זיך מיט אַרענדע פון ערד, צו האַלטן שענקן, קרעטש־מעס, פּאָטשטן; מען האָט געהאַלטן אין איין העצן, אַז ייִדן זע־נען פּיִאַווקעס, וואָס זייגן דאָס בלוט פון עם רוסישן פּויער. די פּויערים זענען געווען אין „פּאַנשטשיזנע", זענען געווען אייגע־קע קנעכט ביי די פּריצים, די פּויערים זענען געווען רויִנירט און פאַרביטערט, — אַלע בעסערע מענטשן פון דעמאָלטיקן רוס־לאַנד האָבן געפאָדערט מען זאָל אינגאַנצן באַפרייען די פּויערים פון „לייב־אייגנטום" (פּאַנשטשיזנע), עס זענען געווען צוליב דעם נישט זעלטן אויפשטאַנדן קעגן דער רעגירונג. — אָבער דער רו־סישער צאַר און זיינע מיניסטאָרן האָבן אָנשטאָט צו באַפרייען — געהעצט דעם פּויער קעגן די ייִדן, אים אָנגעוויזן אַז אין אַלץ איז שולדיק דער ייִד. געוואַקסן איז די אַלג.־פּאָליטישע רעכט־לאָזיקייט אין לאַנד, און געוואַקסן זענען אויך די פאַרפאָלגונגען קעגן ייִדן. אַזוי, למשל, האָט מען איצט איינגעפירט פאַר ייִדן אַ נייעס: מ'האָט זיי אָנגעהויבן נעמען אין מיליטער־דינסט. ביז אַהער האָט מען ייִדן נישט גענומען פאַר זעלנער, איצט האָט יעדער ייִדישער זעלנער געדאַרפט גיין דינען דעם קייסער 25 יאָר, און קעדיי דאָס זאָל שטרענג אָפּגעהיט ווערן, האָט די רע־גירונג אַרויפגעלייגט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויף דער ייִדי־שער קהילה גופא, די רעגירונג האָט געפאָדערט, אַז די ייִדישע קהילעס זאָלן צושטעלן ייִדן פאַר רעקרוטן, אין עלטער פון 12 ביז 25 יאָר, און די מינדעריעריקע ייִדישע קינדער האָט מען גע־האַלטן אין ספּעציעלע קאַזאַרמעס און זיי געגרייט צו מיליטער־דינסט. — ערשט ווען דאָס קינד איז אַלט געוואָרן 18 יאָר, האָט זיך אָנגעהויבן די עמעסע דינסט־צייט, אויף 25 יאָר. די דאָזיקע קינדער־רעקרוטן האָט מען גערופן „קאַנטאָניסטן". — און עס איז גאָר נישטאָ די ווערטער אויף צו שילדערן, וואָס פאַר אַן אומגליק דאָס איז געווען אין ייִדישן לעבן. די יונגע קינדער זענען אין די הונדערטער אויסגעשטאָרבן אין די קאַזאַרמעס און די וואָס זענען יאָ געבליבן לעבן, האָט מען געפּייניקט אָן אַ שיעור. אַ האַלב לעבן האָט יעדער ייִדישער זעלנער אָוועקגעגעבן דעם צאַר, און געצאָלט האָט מען דער ייִדישער מאַסע דערפאַר מיט אַלץ נייערע און שטאַרקערע פאַרפאָלגונגען און גזירעס.

אָבער דאָס איז געווען ווייניק. די רעגירונג האָט זיך גע־מישט אין יעדן ווינקעלע פון יידישן לעבן. יידן האָבן נישט גע־טאָרט זיך אָנטון ווי מע וויל. נישט געטאָרט האָבן קיין יידישע זעלבסטפאַרוואַלטונג, מ׳האָט פון יידן געצויגן ספּעציעלע שטײַערן, מ׳האָט געשלאָסן יידישע דרוקערײַען, מ׳האָט געברענט יידישע ספאָרים, די יידישע שפּראַך איז אינגאַנצן געווען פאַרבאָטן, מ׳האָט גערוידעפט די יידישע רעליגיע, מ׳האָט קעסיידער געטריבן ביל־בולים אויף יידן, אַז זיי באַנוצן קריסטלעך בלוט אויף פייסעך און געמאַכט קעגן זיי פּראָצעסן, — עס האָט געהערשט אַ גרויל איבערן גאַנצן יידישן לעבן, די מאַסן האָבן געהונגערט און זענען געווען פאַרמישפּעט אויף פאַרניכטונג און אונטערגאַנג. ס׳זענען יע־דעס מאָל אָנטשטאַנען צווישן זיי עפּידעמיעס... אַ פאָלק איז גע־זונקען אין אָרעמקייט, פינצטערניש און רעכטלאָזיקייט. אָן בילדונג און קולטור, אין שטענדיקער שרעק, אין מיטלאַלטערלעכע זאַבאָ־באָנעס און גלויבונגען, אונטערן קנאַפּל פון יעדן באַאַמטן און מאַכט־פאַרשטייער, אונטערן קנאַפּל פון אייגענע קאָהלעפּל און שפּעקולאַנטן, וועלכע האָבן זיך געבאָדן אין בלוט פון די אָרעמע מאַסן און זיך אויסגעפּײַנט פאַר דער רעגירונג.

אָט אַזוי האָט אויסגעזען דאָס יידישע לעבן מיט 100 יאָר צוריק, ווען מענדעלע איז געבוירן געוואָרן. און אויב מענדעלע איז נישט אומגעקומען אין יענע כּוישעכדיקע באַדינגונגען, האָט ער עס צו פאַרדאַנקען: 1) זײַן לעבנס־ענערגיע און מוטיקער קאַמפּ־לוסטיקער נאַטור, 2) זײַן גוטער דערציִונג בײַ זײַנע עלטערן, 3) זײַנע גרויסע פעיִקייטן און געבענטשטן טאַלענט. מענדעלע איז, אַדאַנק דעם אַלעם, נישט נאָר נישט אומגעקומען, נאָר אויסגע־וואַקסן צו אַ גרויסער הייך, און זײַן נאָמען איז געוואָרן באַרימט איבער דער גאַנצער וועלט.

* * *

מענדעלעס פאָטער, כאַיִםמוישע ברוידע (דאָס איז געווען מענדעלעס עמעסער פאַמיליע־נאָמען, שפּעטער האָט ער אָנגענומען דעם פאַמיליע־נאָמען אַבראַמאָוויטש, ער האָט געהייסן שאָלעם יאַנקעוו אַבראַמאָוויטש), איז געווען אַ קאַזיאָנער ראָוו, ער האָט

אויך געהאַלטן די „קאַראַבקע" („טאַקסע"), ד״ה ער האָט איינגע־מאָנט דעם ספּעציעלן פלייש־שטײַער, וואָס איז געווען אַרויפגע־לייגט אויף דער יידישער באַפעלקערונג, און איז געווען דערפאַר פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער רעגירונג. אַלזאָ, מענדעלעס פאָטער איז געווען דער „אינטעליגענט" פון שטעטל, דער גרויסשאַפטלע־כער טוער. דאָס גאַנצע שטעטל האָט געהאַט צו אים גרויס אַכ־טונג, און זײַן הויז איז געווען שטענדיק פול מיט מענטשן. ער איז געווען ווילגעלערנט אין יידישע וויסנשאַפטן, דאָס האָט דע־מאָלט געהייסן געמאַרע מיט מעפאַרשים און פּאָסקים; אָבער ער איז שוין געווען אָנגעשטעקט אַביסל מיט נײַעם גײַסט — און האָט געהאַלטן פון טאַנאַך, פון ביבלישן סטיל און שפּראַך, און אַליין געזינדיקט מיט „מעליצע" און „לאָשן", האָט אַפילע געשריבן שירים...

איז דעריבער פאַרשטענדלעך, אַז מענדעלעס פאָטער האָט געשטרעבט אויפצוציִען זײַן קינד וואָס בעסער און צוועקמאָסיקער. איין צײַט האָט ער אַליין געלערנט מיט אים, אַ שטיק צײַט האָט מיט אים געלערנט אַ ספּעציעל־געדונגענער מעלאַמעד, — אָבער אין ביידע פאַלן איז עס געווען אַן אַנדער מין לערנען, ווי אין טראַדיציאָנעלן פאַרשימלטן כיידער מיט דעם באַקאַנטן טיפּ מע־לאַמעד. מענדעלע האָט סײַ דעם פאָטער, סײַ דעם מעלאַמעד זײַ־נעם באַשריבן אין זײַן פּרעכטיקן בוך „שלוימע ר' כאַיִמס", וועל־כעס איז אין טאָך אַ קינסטלערישע אויטאָביאָגראַפיע פון מענדע־לע מויכער ספאָרים. ר' כאַיִם — דאָס איז מענדעלעס פאָטער, לי־פע רווונס — דאָס איז מענדעלעס מעלאַמעד. ביידע זענען גע־שילדערט געטרײַ, און ווער עס וויל באַקומען אַ שליסל צו מענ־דעלעס כאַראַקטער און קינסטלערישער נאַטור — דער מוז גוט דורכשטודירן דאָס בוך „שלוימע ר' כאַיִמס". פאַרן קינפטיקן שרײַבער און דיכטער מענדעלע איז פּאַסעט אַ גליק געווען, וואָס זײַנע ערשטע יאָרן האָבן זיך געפּוּרעמט אונטער אַזעלכע צאַרטע הענט. דער קליינער שאָלעם יאַנקעוו (אין בוך — שלוימעלע) איז געוואַקסן און זיך אַנטוויקלט שטיל און נאַטירלעך, זײַן נעשאָמע האָט זיך געוואַרעמט אין די שטראַלן פון דעם צאַרטן פאָטער און גוטן ליפע רווונס. ווען כער איז אַליין געווען אַ פּאָעטישע

נעשאָמע, אַן עסטעטיש־קינסטלערישע נאַטור. דאָ האָט זיך אינעם קליינעם שאָלעם יאַנקעוו אויפגעוועקט דאָס געפיל פאַר שפּראַך און די קריטישע פעיִקייט.

שאָלעם יאַנקעווס דערציִונג איז אין אַלגעמיין געווען אַ פּריִיִע. דאָס יונגע ייִנגל איז נישט געווען געפּענטעט. ער האָט כאַוויירים, און צוזאַמען מיט זיי קומט ער אָפט אין פעלד און וואַלד, כאַפּט ער זיך אַרויף אויף די הויכע בערגלעך אַרום שטאָט. ער באַקענט זיך צוביסלעך מיטן לעבן און מענטשן, ער כאַווערט זיך שטאַרק מיט אײַזיק דעם שמיד און הערצל קיילעס דעם סטאָ־ליאַר (ביידע אויך באַשריבן אין „שלוימע ר' כאַיִמס") — און דאָס זענען, ווידעראַמאָל, געווען גוטע שיינע נאַטורן, עלטערע מענטשן מיט יונגע קינדערשע נעשאָמעס, ביידע קינסטלער און פאָלקסמענטשן מיט אַ גוטן און פאָלקסטימלעכן ייִדיש, מיט פאָלקס־לידלעך, מיט פאָלקסמײַסעלעך. אָט דאָס איז געווען די סוויווע, ווו מענדעלע האָט באַקומען זײַן צוגרייטונג צום לעבן און שאַפן, ווו ער האָט דורכגעמאַכט זײַנע ערשטע דערפאַרונגען און דער־גרייכונגען.

אַזוי אַרום האָט מענדעלע געהאַט דאָס גליק, וואָס זײַן קינדהייט איז נישט פאַראומערט געוואָרן, עס האָבן אים נישט דערדריקט די פרומקייט און גאָטספאָרכטיקייט, עס האָבן אים נישט פאַרמאַטערט די מיצוועס און די גוסער־ספאָרים, אים האָט מען נישט „אויסגעיִידלט", ווי ער דריקט זיך אויס וועגן אַנדערע קינדער, „מאַכנדיק אויס אים אַ קליין ייִדל", זײַן יוגנט איז נישט דערשטיקט געוואָרן, זײַן לעבעדיקע נאַטור האָט געהאַט די מעג־לעכקייט זיך אויסצולעבן און אויסצוקריסטאַליזירן, — ער איז געוואַקסן אַ נאַטירלעך און געזונט קינד. עס איז אויך געווען דאָס גליק פון דער ייִדישער ליטעראַטור — מענדעלעס טאַלענט האָט געפונען אַ גינסטיקן באָדן און אָנגעהויבן בליִען...

* * *

ווען מענדעלע איז אַלט געווען אַ יאָר 13–14, איז אים גע־שטאָרבן דער פאָטער. די היים איז געווען רויִנירט, נישט געווען מער דאָס וואַכע אויער פונעם פאָטער־דערציִער. עס הייבן זיך אָן

פאַרן יוגנטלעכן מענדעלע יאָרן פון זעלבשטענדיקן לעבן און יאָרן פון וואַנדערונגען. ביידע פירן צו דעם, אַז מענדעלעס כאַראַקטער ווערט געשטאַרקט און געליײַטערט.

דער יונגער שאָלעם יאַנקעוו איז אויסגעשטעלט אויף זעלבסט-דערציִונג און אַליין-לערנען. ער קומט אין קליינעם שטעטעלע טימקעוויטש און זיצט דאָ אין בעסמעדרעש און לערנט. שפּעטער קומט ער אָן אין דער גרויסער ישיווע אין סלוצק. און נאָך שפּעטער אין ווילנע — אין ראַמײַלעס ישיווע. ווי דער שטייגער איז דעמאָלט געווען, עסט אַזאַ באָכער „טעג" בײַ פאַרשידענע בעלעבאַטים. און דאָס „באַזאָרגט" אים מאַטעריעל. מענדעלע איז אַרײַנגעדרונגען אין א נײַער וועלט. כאַווײרים, ישיווע-באָכערים „לערער" און דער ראָש-ישיווע, ייִדן פון בעסמעדרעש, ווילנער לערנער און פרומע, כסידים און מיסנאַגדים, דער יאַם פון געמאָרע — אין פאַרגלײַך מיט קאַפּוליע איז דאָס געווען א נײַע און ברייטע וועלט, נײַע אינטערעסן און פראַגן האָבן אָנגעהויבן מאַטערן דעם יונגן שאָלעם יאַנקעוון. אין אַלגעמיין איז ער אַרומגעגאַנגען אַן אומצופרידענער, האָט עפּעס געזוכט — און אַליין נישט געוווּסט וואָס, האָט וועגן עפּעס געטרוימט — און זיך אַליין נישט אָפּגעגעבן קיין כעשבן וועגן וואָס.

ער איז שוין אַלט 15 יאָר. זײַן מוטער האָט כאַסענע געהאַט מיט אַ צווייטן מאַן — אַ ייִד, וואָס האָט געהאַלטן אין דאָרף מעלניקי, לעבן קאַפּוליע, אַ מיל. דער שטיפפאַטער רופט מענדעלען צו זיך, ער בלײַבט אין דאָרף און לערנט מיט דעם מילנערס קינדער. אָבער דאָ איז ווײַטער אַ נײַעס : ער איז אויפן שויס פון דער נאַטור. אַרום — וואַלד, טײַך, פעלד, כײַעס און אויפעס. עס דערוועקט זיך אין אים אַ גרויסע און הייסע ליבע צו דער נאַטור, ער ווערט פּאַעטיש און ראָמאַנטיש געשטימט. ער פאַרברענגט אין איינזאַמקייט, אויף דער נאַטור, לאַנגע שאָען, טראַכט איבער און לעבט איבער זייער פיל. ער פילט אַ באַדערפניש דאָס אַלץ אויסצוגיסן אויפן פּאַפּיר. עס זענען צוגעקומען די פּאָר וועלטלעכע ביכער, וואָס ער האָט אין זײַן לעבן געלייענט צופעליק. ער הויבט אַליין אָן צו „טינטלען", ער „גיסט אויס זײַן האַרץ" אויפן פּאַפּיר. ער שרײַבט, נאַטירלעך, העברעיִש

און זײַנע ערשטע פּראָבן זענען: שירים, נאַטור־בילדער, און אויך אַ סאַטירישע דראַמע, קינדערשע, נאַיווע פּראָבן, — אָבער עס איז שוין צו מערקן אין זײ דעם קרעפטיקן גרויסן טאַלאַנט. און ביידע נעטיִעס — נאַטור־פּאָעזיע און סאַטירע — זענען בײַ אים אויף אייביק געבליבן. דאָס זענען געבליבן זײַנע אייגנשאַפטן אויפן גאַנצן לעבן.

דער יונגער גײַסט האָט ווײַטער נישט גערוט. ער האָט זיך געריסן — אַוועקצוגיין פון מעלניקי, קאַפּוליע. ער האָט געשטרעבט צו אַ ווײַטער וועלט. און באַלד האָט זיך אים געמאַכט די געלעגנהייט דערצו.

פּונקט ווי ייִדן עמיגרירן הײַנט קיין אַרגענטינע, פּאַרײניקטע שטאַטן, מעקסיקע, — אַזוי האָבן ליטווישע ייִדן דאַן עמיגרירט אין „לאַנד כערסאָן" — אויף דאָרעם־רוסלאַנד, בײַ די ברעגעס פון שוואַרצן יאַם. קעדײ צו לינדערן דעם הונגער און נויט אין די ליטווישע שטעט, האָט די רעגירונג אַליין אַריבערגעפירט טויזנטער ייִדן אַהער אויף דאָרעם און זײ באַזעצט אויף ערד, געגרינדעט ייִדישע קאָלאָניעס, און ווער ס'האָט זיך נישט געוואָלט באַזעצן אויף ערד, דער האָט זיך אַליין בעלאָזן אַהין אין די שטעט און שטעטלעך. דאָ איז געווען אַ רײַך און פעט לאַנד, מיט אַ קליינער באַפעלקערונג, און — אין פאַרגלײַך מיטן ענגן געטאָ אין ליטווישן שטעטל — איז דאָ געווען אַ גאַנײדן. וועגן „לאַנד כערסאָן" זענען אַרומגעגאַנגען אין דער ייִדישער באַפעלקערונג גאַנצע לעגענדעס און פאָלקסלידער.

האָט זיך געמאַכט, אַז שאָלעם יאַנקעוו אַ מומע, אַן אַגונע, מיט אַ קליין קינד אויף די הענט, האָט זיך געלאָזט אײַנרעדן פון איינעם אַן אָורעמל דעם הינקענדיקן, און באַשלאָסן צו פאָרן אין „לאַנד כערסאָן" זוכן איר מאַן. איז אונדזער באָכער שאָלעם יאַנקעוו אויך צוגעשטאַנען צו דער קאָמפּאַניע עמיגראַנטן — און ער פאָרט מיט זײ. ווו אַזוי פאָרט מען אין יענער צײַט? קיין באַנען און קיין דאַמפּערס זענען נישט געווען. מע פאָרט מיט אַ בויד. אָורעמל דער הינקענדיקער האָט אַן אייגענע בויד מיט אַ קליאַטשע, זעצן זיך אַלע אַרײַן, און — מ'פאָרט. לאַנגע כאָדאָשים שלעפּט מען זיך, פון שטעטל צו שטעטל, פון שטאָט

צו שטאָט. אַוורעמל אײַלט זיך נישט... אין בויד איז זײַן פאַרנאָסע... ער האָט געמאַכט אַ פּאַפּיר וועגן דער „ווי־סטער אַגונגענעבעך", און אָט מיט דעם „קסאַוו" גייט ער אַרום איבער די הײַזער און בעטלט, און ייִדן בעניי ראַכמאָנים גיבן. דעם יונגן שאָלעם יאַנקעוון שיקט ער אין יעדן שטעטל אין בעסמעדרעש אַרײַן, רעדט אים שידוכים, צווינגט אים עסן טעג און שנאָרען. מע נעכטיקט אין העקדעש, אין באָד. מע טרעפט זיך צוזאַמען מיט כעוורע בעטלערס, פּראָפעסיאָנעלע קאַבצאָנים און שנאָרערס. אַוורעמל דער הינקענדיקער פילט זיך ווי אַ פיש אין וואַסער, — אָבער דער יונגער שאָלעם יאַנקעוו פילט זיך אומגליקלעך, ער זעט, ווי ביטער ער איז אַרײַנגעפאַלן, און בויט פּלענער ווי זיך אַרויסצורײַסן פונעם דאָזיקן קלעם.

און עס געשעט אים אַ גליק... מע איז לעבן קאַמעניעץ־פּאָדאָלסק. מענדעלע דערמאָנט זיך, ער דאָ אין שטאָט א קאָרעוו פון קאַפּוליע, וועלכער איז אַ זינגער בײַם היגן כאַזן. לויפט ער אַוועק פאַרטאָג אין שטאָט אַרײַן, זוכט דעם כאַזן און דעם קאָרעוו — ווײַזט זיך אַרויס, זיי זענען ערגעץ אין וועג. שאָלעם יאַנקעוו וואָרט פאַרצווייפלט, אומגליקלעך: צוריק אין בויד, צוריק צום שנאָרערישן לעבן, אין קנעכטשאַפט בײַ אַוורעמלען... פאַרפאַלן, מע פאָרט ווײַטער... שפּעטער כאַפּט זיך אַוורעמל, זײַן קליאַטשע האָט פאַרלוירן אַ פּאָדקעווע, — און ער שיקט שאָלעמקען זוכן די אַווײדע אויפן וועג. אַ ברייר̈ע האָט דער באָכער? ער קריכט אַראָפּ פון בויד, לאָזט זיך איבערן וועג, זוכט, נישטערט... מיטאַמאָל הערט ער אַ שטים: „שאָלעמקע" — פון אַ קאַרעטע, וואָס איז אָנגעקומען אַקעגן, שפּרינגט אַרויס אַ יונגער מאַן און כאַפּט זיך מיט אים קושן. עס איז — דער זעלבער קאָרעוו, וועלכן ער האָט געזוכט, דער כאַזן מיט די מעשאָררים פאָרט צוריק קיין קאַמעניעץ־פּאָדאָלסק...

געענדיקט „דאָס קאַפּיטל פון וואָגלענישן, ניסיוינעס און גרויסע ליידן"! אויסגעלייזט פון אַוורעמלס הענט! שאָלעם יאַנקעוו איז באַפרײַט, דער כאַזן נעמט אים מיט קיין קאַמעניעץ... אַ נײַע טקופע הייבט זיך אָן אין מענדעלעס לעבן.

—

* * *

אין קאַמעניעץ-פּאָד. קומט שאָלעם יאַנקעוו לעכאַטכילע חי-
דער אַרײַן אין בעסמעדרעש, און דאָ אַלס אַן אָרעם-באָכער
זיצט ער און לערנט. קאַמעניעץ איז אָבער אַ גרעסערע שטאָט.
פאַראַן דאָ אַ פּאָר מענטשן, וואָס זענען פאַרכאַפּט פונעם גײַסט
פון „האַסקאָלע" — אַן אָפּקלאַנג פון דעם דערטראָגט זיך אויך
אין קלויז. עס קומט דאָ אַרײַן אַן עלטערער ייִד ר׳ אַוורום,
וועלכער באַפרײַנדעט זיך אין גיכן מיטן יונגן פרעמדן באָכער,
ער פילט, אַז דער באָכער איז עפּעס אַנדערש. ער דערטאַפּט
בײַם ייִנגל זײַנע קסאָוויִם, זײַנע נאַיִווע אָבער פּאָעטישע „ווערק",
און — ער פירט צונויף שאָלעם יאַנקעוון מיטן „גאָלועך" און
אַפּיקוירעס פון שטעטל, מיט אַוורום בער גאָטלאָבער, וועלכער
איז אַליין געווען אַ שרײַבער, אין העברעיִש און אויך אין ייִדיש,
און וועלכער איז שוין דאַן געווען באַרימט אַלס אַן אָנגעזעענע
פיגור אין דער האַסקאָלע-באַוועגונג.

גאָטלאָבער האָט איבערגעלייענט שאָלעם יאַנקעווס ווערק,
און זיי געהעריק אָפּגעשאַצט. ער הייסט אים לערנען, ער עפנט
פאַר אים זײַן גרויסע ביבליאָטעק פון וועלטלעכער ליטעראַטור.
גאָטלאָבערס טאָכטער הייבט מיט אים אָן צו לערנען רוסיש,
דײַטש, מאַטעמאַטיק. מיט ברען וואַרפט זיך אַרײַן דער יונגער
אַבראַמאָוויטש אין דער נײַער וועלט פון וויסנשאַפט, וואָס האָט
זיך אַנטפּלעקט פאַר אים. ער לערנט זייער פיל. עס גייען אַוועק
אַ פּאָר יאָר — און ער גיט אָפּ עקזאַמען און באַקומט אַ דיפּ-
לאָם אַלס לערער. און אָט איז שוין מענדעלע — אַ לערער אין
דער ייִדישער רעגירונג-שול אין קאַמעניעץ.

אַ גוואַלטיקע ענדערונג אינעם לעבן פון יונגן שאָלעם-
יאַנקעוו! אַרויסגעריסן זיך צו אַ פרײַער פּראָפעסיע אין דער
גרויסער שטאָט, באַקומען אַ צוטריט צו אַ ברייטער און ליכטי-
קער וועלט פון וויסן און ליטעראַטור! ס׳איז אים בעמעס גע-
שען אַ גליק, דעם אָרעמען שאַלעמקען...

* * *

1857. דער 21-יעריקער שאָלעם-יאַנקעוו דערזעט זײַנס אַן

אַרטיקל, געדרוקט אין דער דעמאָלטיקער ערשטער העברעיִשער צײַטונג „המגיד". ווי קומט זײַן אַרטיקל אַהין? ווידער אַדאַנק דעם זעלבן גאָטלאָבערן. שאָלעם יאַנקעווס אַ פרײַנד האָט, אָן זײַן וויסן, געוויזן דעם מאַנוסקריפּט גאָטלאָבערן, און יענער האָט דאָס אַליין איבערגעשיקט צום רעדאַקטאָר פון „המגיד". גאָטלאָ־בער האָט געהאַט אַ טאָפּעלע באַפרידיקונג: אַ גוטער אַרטיקל אין גײַסט פון האַסקאָלע און — פון זײַן געוועזענעם טאַלמיד.

דער דאָזיקער ערשטער אָפּגעדרוקטער אַרטיקל פון ש. י. אַבראַמאָוויטש — איז געווען „אַ בריוו וועגן דערציִונג". געוואָרן אַ לערער, האָט מענדעלע זיך פאַרטראַכט איבער די פּראָב־לעמען פון דערציִונג בײַ ייִדן, ער האָט געפאָרשט די נעשאָמע פון קינד אין זײַן כאַראַקטער, ער האָט פאָרמולירט די אויפגאַבן און פליכטן פון אַ לערער, — און אָט דאָס איז געווען דער אינ־האַלט פון זײַן אַרטיקל, וועלכער האָט בײַ אַלעמען שטאַרק אויס־גענומען. דער יונגער אַבראַמאָוויטש איז געוואָרן אַ העברעיִשער שרײַבער. דער רעדאַקטאָר פון „המגיד" האָט אים אײַנגעלאַדן ווײַטער צו שרײַבן.

אינגיכן האָט אַבראַמאָוויטש כאַסענע מיט דער טאָכטער פון דעם בערדיטשעווער נאָטאַריוס זאַלמען לעווין, און ער באַ־זעצט זיך אין בערדיטשעוו. זײַן שווער איז געווען רײַך, אַבראַ־מאָוויטש האָט די מעגלעכקייט ווײַטער צו לערנען און זיך פאַר־פולקאָמען, און דער איקער — ווײַטער צו שרײַבן. ער אַרבעט זייער אַ סאַך, ער פאַרנעמט זיך צוביסלעך מיט געזעלשאַפטלע־כער טעטיקייט, ער העלפט צו פאַרשפּרייטן בילדונג צווישן ייִדן, ער העלפט גרינדן אַן עפנטלעכע ביבליאָטעק אין בערדיטשעוו, און ער דרוקט אַרטיקלען אין די העברעיִשע צײַטונגען „המגיד" און „המליץ".

עטלעכע ווערק האָט אַבראַמאָוויטש אָנגעשריבן אין העב־רעיִש. ער האָט געשריבן ווײַטער וועגן דערציִונג פון ייִדישן קינד, ער האָט שאַרף קריטיקירט די דעמאָלטיקע העברעיִשע לי־טעראַטור, וועלכע איז געווען אָפּגעפרעמדט פון לעבן און פול מיט מעליצע; ער האָט איבערגעזעצט און טיילווײַז איבערגעאַר־בעט אַ גרויס דײַטשיש ווערק איבער נאַטור־געשיכטע; ער האָט

פאַרמולירט זײַן מײנונג, אין װעלכן װעג עס דאַרף גײן די האַס-קאַלע-אַרבעט אין דעמאָלטיקן רוסלאַנד. אָבער װאָס מער ער באַקענט זיך מיטן לעבן פון די פאָלקסמאַסן, איבערצײַגט ער זיך, אַז פאַלש איז די באַציִונג פון די מאַסקילים צו ייִדיש. די מאַסקילים האָבן זיך באַצויגן מיט שפּאָט און פאַראַכטונג צו דער שפּראַך פון דער מאַסע, זײ האָט זיך געװאָלט שרײַבן בלױז אויף דער „הײליקער" און „אײדעלער" העברעיִשער שפּראַך. מענדעלע האָט אָבער געװאָלט זײַן נוצלעך פאַרן פאָלק, און העברעיִש פאַרשטײט דאָך נישט דאָס פאָלק. מע דאַרף צו אים רעדן מאַמע-לאָשן, און דאָס איז ייִדיש. און אַזױ דערצײלט אַבראַמאָװיטש אין זײַן העברעיִשער אויטאָביאָגראַפיע װעגן זײַן באַשלוס: „אָבער די ליבשאַפט צום נוצלעכן האָט אין מיר מענאַצײעך געװען דעם פּוסטן קאָװעד, און איך האָב זיך באַשלאָסן: זאָל זײַן װאָס עס װיל זיך, איך װעל זיך דערבאַרעמען אויף ייִדיש, די פאַרשטויסענע טאָכטער, און ס'איז צײַט צו טון פאַרן פאָלק. אויך אײנער פון מײַנע גײַע פרײַנד (י. מ. ליפשיץ) איז צו מיר צוגעשטאַנען, און בײַ אונדז בײדע איז געבליבן צו אַגיטירן און איבעררעדן דעם באַל-„המליץ", (רעדאַקטאָר על. צעדערבוים), ער זאָל אַרויסגעבן אַ צײַטונג אויף דער פאָלקשפּראַך. זאָל עס אים, דעם „באַל-האַמײליץ", גאָט געדענקען צום גוטן, װאָס ער איז געקומען צוהילף זײַן פאָלק מיט זײַן צײַטונג „קול מבשר" (קאָל מעװאַסער) און האָט געהאַט גרויס דערפאָלג. און איך בין געװאָרן באַגײַסטערט און אָנגעשריבן מײַן ערשטע דערצײלונג"...

„קאָל מעװאַסער" איז געװען די ערשטע ייִדישע צײַטונג. אַבראַמאָװיטשעס ערשטע דערצײלונג אויף ייִדיש, װאָס איז דאָ געװען אָפּגעדרוקט, דאָס איז „דאָס קלײנע מענטשעלע". דאָס איז געװען אין יאָר 1864. די דאָזיקע דערצײלונג איז געװען דאָס ערשטע מאָל געכאַסמעט מיטן פּסעװדאָנים מענדעלע מויכער ספאָרים!

אויס ש. י. אַבראַמאָװיטש — געװאָרן מענדעלע מויכער ספאָרים.

אויס העברעיִשער שרײַבער — געװאָרן דער גרינדער און באַגרינדער פון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור. געװאָרן דער

זיידע פון דער ייִדישער ליטעראַטור. געוואָרן באַליבט און געערט בײַ דורות ייִדישע לייענער. זינט דאַן געלעבט אין בערדיטשעוו און זשיטאָמיר, און שפּעטער (פון 1881) — אין אָדעס, ווו ער האָט דעם 8־טן דעצעמבער 1917 — אויף אייביק פאַרמאַכט זײַנע אויגן נאָך אַ שווערער קראַנקהייט. זינט יענעם טאָג, ווען ער האָט באַשלאָסן צו שרײַבן ייִדיש, איז מענדעלעס ביאָגראַפיע—די ביאָגראַפיע פון זײַנע ווערק, פון זײַנע גרויסע און שיינע דערציילונגען, וועלכע ער האָט פאַרפאַסט אין ייִדיש און פיל מאָל זיי איבערגעאַרבעט. זינט דאַן איז ער פאַר דער גאַנצער ייִדישער וועלט — בלויז מענדעלע מויכער ספאָרים.

אין אָדעס איז מענדעלע געווען פאַרוואַלטער פון אַ גרויסער ייִדישער פאָלקשול פאַר אָרעמע קינדער. דאָ, אין אָדעס, זענען געפײַערט געוואָרן עטלעכע מאָל זײַנע יובילעומס, אין וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט וואָס ווײַטער אַלץ גרעסערע שיכטן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. פונדאַנען, פון אָדעס, האָט ער אין 1909 אַדורכגעמאַכט אַ רײַזע איבער די גרויסע ייִדישע שטעט — ווילנע, וואַרשע, ביאַליסטאָק, לאָדזש, — און אומעטום איז ער אויפגענומען געוואָרן מיט דעו גרעסטער באַגײַסטערונג און פאַרערונג, וואָס מ׳קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן. פון אַלע זײַטן האָט מען אים באַשאָנקען מיט מאַטאָנעס, אַדרעסן, און דעלעגאַציעס האָבן אים אָפּגעגעבן גרויס קאָוועד, מע האָט דעם אַלטן זיידן אויף די הענט געטראָגן און מיט בלומען באַשאָטן. דאָס איז געווען זײַן גרעסטער טריומף און זײַן גרעסטע פרייד אין לעבן... דאָ אין אָדעס רוען איצט זײַנע ביינער אויפן ייִדישן בעסוילעם לעבן קייווער פון ש. פרוג א״א, — אָבער דאָ, אין אָדעס, איז אויפגעשטעלט אַ שיינער מענדעלע־מוזיי, וועלכער ווערט באַזוכט דורך צענדליקער טויזנטער, און דאָ, אין אָדעס, עקזיסטירט אויך אַ מענדעלע־גאַס, צום אָנדענק פונעם זיידן.

אַזוי האָט געלעבט און געשאַפן דער זיידע פון דער ייִדישער ליטעראַטור...

* * *

די שענסטע ווערק מענדעלעס זענען: „מאַסאָעס ביניאָמין

האַשליִשי״, „פישקע דער קרומער״, „דאָס ווינטשפינגערל״, „די קליאַטשע״, „דאָס קליינע מענטשעלע״, „שלוימע ר׳ כאַיִמס״. אין די דאָזיקע ווערק האָט מענדעלע פאַראייביקט אַ גאַנצע טקופע פונעם יידישן לעבן — די ערשטע דריי פערטל פונעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. ער האָט געשילדערט דאָס סאָציאַל־עקאָנאָמישע לעבן אין פאַרהעלטענישן אין יידישן לעבן, און אויך דעם קולטורעלן מאַצעוו דאָ. ער האָט געעפנט פאַר דער וועלט די גרויסע טראַגעדיעס פונעם יידישן לעבן אונטערן צאַרישן רעזשים, און אויך די אינערלעכע אומנאָרמאַלקייטן און אומקולטורעלקייט.

מענדעלע איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געבראַכט צום אויסדרוק די סאָציאַלע קעגנזאַצן אינעם יידישן לעבן גופע. ער האָט געשילדערט די קויכעס, וועלכע צעשטערן און פאַראומריייניקן דאָס יידישע לעבן אינעווייניק, און די אייזערנע רייען פון געטאָ. ער האָט אומבעראַכמאָנעסדיק געשטעמפּלט די יידישע גזירים און טאַקיפים, די קליי־קוידעש און גאַבאָיִם, וועלכע האָבן געלעבט אויפן כעשבן פון דער פאָלקסמאַסע, האָבן זי אומווירדיק עקספּלואַטירט, געהאַלטן אין קנעכטשאַפט און גײַסטיקער שיפלעס. ער האָט געבראַכט צום אויסדרוק די אוממענטשלעכקייט און מאַכטגיריקייט פון די רייַכע קלאַסן פון איין זייַט, און די סינע און פּראָטעסט־געפילן, די פאַרביטערטקייט און פאַרצווייפלטקייט פון די אָרעמע און האָרעפּאַשנעדיקע קלאַסן פון דער אַנדערער זייַט. אַרויסברענגענדיק דעם פּראָטעסט קעגן אַנטיסעמיטיזם און ראַסן־האַס אין אַמאָליקן רוסלאַנד, וועלכע פאַרפאָלגן און דערנידעריקן אויף אַ אומבעראַכמאָנעסדיקן אויפן די יידישע פאָלקסמאַסן, — הייבט אויף גלייַכצייַטיק מענדעלע מויכער ספאָרים זייַן מעכטיקע שטים פון פּראָטעסט קעגן די רייַכע און אַזויגערופענע אינטעליגענטע (אַסימילירטע) קלאַסן אין יידנטום גופע, וועלכע רייַסן אויף דער אָרעמער „קליאַטשע״ פון דער פאָלקסמאַסע, נוצן זי אויס צוליב זייערע עגאָיִסטישע צילן, פאַראַטן זי און פאַרקויפן זי צו אירע ביטערע סאָנים.

מענדעלע איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערער און סאָציאַלער שרייַבער.

אין זייַנע ערשטע ווערק איז ער געווען שטאַרק באַהערשט

פון אַט דער גרויסער ליבע אין מיטגעפיל צו די אָרעמע און דערשלאָגענע, באַרויבטע און באַאוולטע אין דער ייִדישער פאָלקס־מאַסע; שטאַרק באַהערשט פון אַט דער פלאַמיקער סינע צו די צוויאַקעס און באַטריגער, צו די „קליינע מענטשעלעך" וואָס זע־נען באַרײַכערט און דערהויבן געוואָרן אויפן כעשבן פון דער אָרעמשאַפט. און דעריבער פאַרנעמען זיך די דאָזיקע ערשטע װערק זײַנע מער מיט געדאַנקען און מיינונגען, און אַ סאַך ווייני־קער מיט מאָלן דאָס לעבן און די נאַטור, מיט מאָלן די אויסער־לעכקייט פון די מענטשן און זייער סוויווע. אין די דאָזיקע ערשטע ווערק פילט זיך מער דער לערער און שטראָפער, עס פילט זיך מער דאָס אוממיטלבאַרע געפיל און דאָס הייסע בלוט פון אַן עמעסן פאָלקסמענטש און פאָלקספרײַנד.

אָבער וואָס עלטער מענדעלע איז געוואָרן, אַלץ מער האָט זיך באַרויִקט זײַן געמיט, און אַלץ מער האָט זיך דערוועקט אין אים דער דיכטער, דער קינסטלער, דער נאַטור־פּאָעט. מענדעלע האָט אונדז געלאָזן אין זײַנע ווערק אויצרעס פון פּייזאַזשן און נאַטור־באַשרײַבונגען, לעבנסבילדער און לעבנס־סצענעס; מיר האָבן דאָ אַ גאַלעריע פון פאַרשידענע טיפּן פאָלקסמענטשן, באַל־מעלאָכעס און קאַבצאָנים, פּרויען־טיפּן, קליי־קוידעש, אינטעלי־גענטן און מאַסקילים, און נאָך מער — גווירים, קאָכלעפל, גאַבאָים, כאַפּערס, וואַלן־קונצנמאַכער, באַליי־טאַקסע און אַנדערע אָנשיקע־נישן. אַלץ איז געשילדערט אין ברייטן פאַרנעם, מיט פילפאַרבי־קייט, מיט ליכט און שאָטן, יעדער מיט זײַנע פּאַסטעמפּקעס און טנועס, יעדער מיט זײַנע שטיק און פּירעכץ. אַלץ איז געשילדערט מיט דער רויִקייט און אויסגעהאַלטנקייט פון אַ גרויסן קינסטלער, וואָס איז זיכער אין זיך, וואָס האָט אַ טיף אויג אויף צו באַמערקן און צו זען, וואָס האָט אַ גלענצנדן קינסטלערישן זיקאָרן און קען אַלץ צוריק אויפשטעלן און איבערדיכטן, אַרויסברענגען אויפן פּאַפּיר אין דער פולער מאָס, אין גענויע פאַרבן.

און אויך אין דעם פּעריאָד פון זײַן שאַפן האָט מענדעלע דאָך נישט פאַרגעסן אין דער גרויסער מיסיע און שליכעס פונעם שרײַבער. נישט פאַרווײַלן דעם לייענער האָט ער געוואָלט מיט זײַ־נע ווערק, נאָר זיי לערנען — ווי צו לעבן, ווי צו אויסבעסערן

דאָס לעבן זייערס. „איך האָב ליב, — האָט מענדעלע געשריבן שפּעטער צו שאָלעם-אַלייכעמען, — אַז אַכוץ דעם שיינעם פּענעמל, זאָל אין אַ קאַרטינקע (אַ בילד) אויך זײַן לעבן, סייכל און געדאַנק, ווי אין אַ לעבעדיקן מענטשן. אַ קאַרטינקע באַדאַרף אַכוץ שיינע מעליצע אויך מיך לאָזן עפּעס הערן". און אַזוי האָט טאַקע מענדעלע געוועבט זײַנע שאַפונגען: נישט נאָר בילדער און פאַרבן האָט ער געגעבן אין זיי, נישט נאָר שיינקייט און געלעכטער, נאָר אויך לעבנסוויסן, לעבנסלערע. ער איז געבליבן אין זײַנע ווערק — לערער און כאַווער, וועגווײַזער און פירער, קעמפער און שטראָפער.

און צווישן אַלע טיפּן, וואָס ער האָט געשאַפן, איז דער שענסטער און מערקווירדיקסטער — דער טיפּ פון מענדעלע מויכער-ספאָרים אַליין, אין וועלכן עס האָט זיך פאַרוואַנדלט דער אינטעליגענט און מאַסקיל שאָלעם יאַנקעוו אַבראַמאָוויטש. אָט דער קלוגער יזדייִער פאַקנטרעגער, וואָס פאָרט זיך אַרום פון שטאָט צו שטאָט מיט זײַן פערד און וועגעלע, ער איז אַן אומרו אויך גײַסטיק און מאָראַליש, ער קען נישט פאַרטראָגן די אוולעס אַרום זיך, ער שטראָפט און לאַכט אויס, ער שפּאָט און מאַכט כויזעק, ער זאָגט אַרײַן אין דער זיבעטער ריפּ, ער שטעכט און בײַסט זיך, ער שלײַדערט דעם עמעס אין די אויגן. מענדעלע האָט דאָס טאַקע אַליין וועגן זיך געשריבן: „ווי נאָר איך האָב אָנגעהויבן שרײַבן, זאָגט ער, האָט זיך באַוויזן צו מיר דער סאָטן, מעפיסטאָפעל דער מאַלאַך פון שפּאָט, וואָס געוועלטיקט איבער מיר אין דער געשטאַלט פון מענדעלע מויכער ספאָרים און האָט מיך אָנגעלערנט אָפּצושפּאָטן פון מענטשן און אַראָפּרײַסן פון זיי די מאַסקע"...

אָט אַזאַ איז דער זיידע פון דער יידישער ליטעראַטור אונדזער מענדעלע מויכער ספאָרים.

דאָס אַמאָליקע יידישע לעבן האָט מענדעלע פאַראייביקט אין גרויסע מעכטיקע בילדער. „גלופּסק", „קאַבצאַנסק", „טונעיאַדעווקע", „צוויאַטשיק" — דאָס זענען מענדעלעס נעמען-סימבאָלן, אין וועלכע עס זענען אויף אייביק פאַרקערפּערט די אומגליקלעכע אייגנשאַפטן פון יענעם יידישן לעבן. גלופּסק — די

שטאָט פון יידישע אָבערגלויבענישן, זאַבאַבאָנעס און פרומקייט, דאָס באַגרענעצטע געטאָ וואָס איז פול מיט אײַנרעדענישן און נאַרישקייטן, וואָס איז אומקולטורעל און אָפּגעפרעמדט פון רײַכן און קולטורעלן אייראָפּע. ק א ב צ א נ ס ק — די שטאָט פון יידישער אָרעמקייט און עקאָנאָמישער רוין, פון הונגער און נישטיקע האַסאָגעס, דער סימבאָל פון דער „גרויסער טאָרבע". ט ו נ ע י אַ ד ע ו ו ק ע—דער סימבאָל פון יידישע טויגעניכטסן און ליי-דיקגייער, דער סימבאָל פון אומפּראָדוקטיווקייט און פאַרנאָסע-לאָזיקייט, באַשעפטיקונגלאָזיקייט. צ ו ו י אַ ט ש י ך — דער סימבאָל פון די וואָס האַנדלען מיט פרומקייט און גאָטספאָרכטיקייט, מיט ייכעס און קלוימערשטער איידלקייט, פון די וואָס געלט איז פאַר זיי אַ גאָלדענער קאַלב און אויף זײַן מיזבייעך זענען זיי גרייט מאַקרעוו צו זײַן אַלץ און אַנאַנד, יעדן נאָענטן און ווײַטן. ניין, ווייניק איז פאַראַן אין דער יידישער ליטעראַטור אַזעלכע מעכ-טיקע בילדער מיט אַזאַ קינסטלערישן און געזעלשאַפטלעכן פאַר-נעם, ווי דאָס האָט געטון מענדעלע!

אַ רײַכע גאַלעריע פון טיפּן און געשטאַלטן האָט אונדז מענדעלע איבערגעלאָזט אין זײַנע ווערק, — לאָמיר דאָ דערמאָ-נען אייניקע פון זיי:

ב י נ י אָ מ י ן  ה אַ ש ל י ש י פון טונעיאַדעווקע — אָט דער נאַיווער און פאַרכאָלעמטער בירגער פון טונעיאַדעווקע, צו וועלכן עס דערטראָגן זיך קלאַנגען פון אַ ווײַטער וועלט, וועגן וועלכער ער טרוימט און פאַנטאַזירט; ס ע נ ד ע ר ל  די יידענע, בינ-יאָמינס כאַווער און באַגלייטער, דער גוטמוטיקער, נאָכגיביקער און סענטימענטאַלער סענדערל; יידישע קינדער — ש ל ו י מ ע-ל ע און ה ע ר ש ע ל ע, לעבעדיקע און קלוגע קינדער, וואָס עס ליגט אויף זיי דער אָל פון טוירע און מיצוועס, אָבער זיי רײַסן זיך צו זון און נאַטור, צו מענטשן און לעבעדיקן לעבן; ר' אַ ו-ר אָ ם, דער שײַנער ייד פון בעסמעדרעש, וואָס לעבט מיט אַלע-מען גוט, וואָס טויג זיך אי צו גאָט, אי צו לײַט, דער ייד וואָס איז שטענדיק אויפגערוימט און האָט שטענדיק אַ יידיש זיפצע-לע אויף זײַנע ליפּן; אַ ל ט ע ר  י אַ ק נ ע ה אָ ז — דער קלו-געטשקער און פאַרהאָרעוועטער, דער וואָס איז שטענדיק מיט זיך

און פאַר זיך: פ י ש ק ע ד ע ר ק ר ו מ ע ר — אַ וויסטע קאַ־ליקע, אַ שנאָרער, דער קנעכטישער טיפּ פון שטעטל, אין וועלכן עס טליִען דאָך פונקען פון מענטשלעכקייט און גוטהאַרציקייט; א י צ י ק אַ ו ו ר ע מ ל ט אַ ק ע ף — דער אַרויפגעאַרבעטער גע־וויר פון שטעטל, וואָס האָט אין זיך דערצויגן אומבעראַכמאָנעס־דיקייט און עגאָיִסטישקייט און נישט געוווּסט אין זײַן שטרעבן צו מאַכט און רײַכקייט פון קיין אָפּשטעל און האַמוּנג; ר' ש ל ו י מ ע ו ו ע ק ע ר — איינער פון דער נײַער און פאָלקסטימ־לעכער יידישער אינטעליגענץ, וואָס וויל ברענגען בילדונג און וועלטלעכקייט אין יידישן געטאָ און מאַכן אָרדענונג אין אינער־לעכן לעבן פון די דאָרטיקע יידן.

צענדליקער געשטאַלטן... יעדער איז אַ פּאָרטרעט פאַר זיך, און יעדער איז אַ פאָרשטייער פון אַ גאַנצן טיפּ...

און צום לעצט נאָך איינס:

עס איז גאָרנישט אָפּצושאַצן די פאַרדינסטן פון מענדעלע כּוויכער ספאָרים פאַר דער יידישער שפּראַך. ער איז פאַרליבט אין יידיש, ער באַגייט זיך מיט דעם ווי מיט אַ הייס־געליבט קינד. ער פּיעשטשעט עס און גלעט עס. ער פוצט און פײַלט זײַן שפּראַך אָן אויפהער. ער פירט אַרײַן נײַע בילדער און באַגריפן — און געפינט פאַר זיי דעם יידישן לעוווש. און דער איינציקער מאָקער, פונוואַנען ער שעפּט — דאָס איז דעם פאָלקס מאַמע־לאָשן, דאָס זענען די קלאַנגען פון פאָלקס רעדן, וואָס טראָגן זיך צו זײַנע אויערן.

יידיש איז ביז מענדעלען געווען אַ פאַרוואָרלאָזט פעלד, יידיש איז געווען אַפילע פאַר די וואָס האָבן געשריבן יידיש — אַ „זשאַרגאָן", וועלכן איינע האָבן פאַרדײַטשמערישט, די אַנדערע פאַררוסישט. מענדעלע האָט אויסגערייניקט די ווילדגראָזן, זײַן שפּראַך איז געווען געזעצט און גערעגעלט, געפּוצט און געאיידלט. אַלץ איז אין זײַן סטיל און לאָשן געווען פאָלקטימלעך און פאַר־יידישט. אַלץ איז דאָ געווען קינסטלעריש און דיכטעריש, אָבער נישט מיט קיין פוסטער מעליצע, נאָר עמעס עסטעטיש און גע־שטאַלטיק. סײַ שפּראַכלעך, סײַ ליטעראַריש איז מענדעלע גע־וואָרן אַן אויסגאַנגפּונקט פאַר אַ נײַער עפּאָכע, אין וועלכער

ייִדיש איז דערהויבן געוואָרן צו אַ ליטעראַטור, וועלכע איז וואָס ווײַטער אַלץ מער באַרײַכערט געוואָרן מיט גרויסע קינסטלער און טאַלענטן.

כ. ש. קאַזדאַן

## 1. רעב כאַזמס שטוב

צווישן דעם רינג הײַזער אויפן מאַרק, דער שענסטער פּלאַץ אין דעם שטעטל ק... שטייט אַ הילצערנע שטוב מיט אַ גאַניקל. קימאַט איין פאַסאַן, איין געשטאַלט מיט די אַלע אַנדערע הײַזער דאָרט, נישט מער, וואָס זי איז אָפּגעטינקעוועט, ווײַס אָפּגעשמירט פאָרנט אויף דער גאַס אַרויס.

בײַם עפענען די טיר קומט מען גלײַך פון דער גאַס אַרײַן, אַזוי ווי מען שטייט און גייט, אין אַ כיידער, אַ גרויס, אַ לאַנגס, דער איקער דירע, וואָס הייסט אייגנטלעך שטוב. אין דער הינ-טערשטער וואַנט פון שטוב, אינעווייניק אַקעגן דעם אַרײַנגאַנג, פירט אַ טיר אין אַ פינצטער הויז, אָן פענצטער, אָן אַ באַלקאָן — אָן אָרט פאַר האָלץ אוכדוימע נייטיקע זאַכן אין דער באַלעבאַ-טישקייט, און אַמאָל איז עס אויך אַ שטאָל פאַר דער בעהײַמע, בעשאַס די גרויסע פרעסט ווינטער אָדער ווען זי איז קעלביק, אַ שטייגער, און קאָן נישט נעכטיקן, ווי געוויינטלעך, אין דרויסן. בײַ דער זײַט פון דער דאָזיקער הינטער-טיר לינקס, שטייט אַ גרויסער אויוון אויף צו קאָכן און באַקן, און אונטער דעם פּרי-פעטשיק איז דאָ אַן אָרט (אַ קאַטוך) פאַר אויפעס, וואָס לייגן דאָרט אייער און קוואָקען, וואָס נעכטיקן דאָרט בײַנאַכט, קריכן גאַנץ פרי פון דאָרט אַרויס און שפּאַצירן זיך פרײַ אין שטוב אַרום, פול אין איטלעכס ווינקעלע, אויף טיש און אויף בענק. האַרט לעבן דעם אויוון שטייט אַ רובע פון גרינע קאַפּלעס, אַ הויכע, אַ לאַנגע מיט צווי בענק: די פליישיקע און די מיל-כיקע באַנק. אַט די דאָזיקעביידע אויוונס און אַ ווענטל מיט טירלעך נאָך זיי, וואָס ציִען זיך איבער דער גאַנצער לענג שטוב, צעטיילן זי אין צוויי העלפטן: איין העלפט איז די הויפּט-דירע, וועלכע איז דאָ באַשריבן, און די אַנדערע באַ-שטייט פון אַלקערלעך פאַר זיך און פאַר שכיינים. אַקעגן דער

רובּע הענגט פון סופיט אַראָפּ אַ לײמען קוימענדל עפּעס ווי אַ מין גלאָק מיט צוויי דראָטענע קײטעלעך, אײנס אַקעגן דאָס אַנדערע, אונטן בײַם ראַנד, צו וועלכן עס ווערט צוגעקײטלט עפּעס אַ מין אײַזערנע סקאָוואָראָדע (אַ לוטשניק), אויף וועלכער עס ווערט צעלײגט אַ פּײַערל פון דאַרע שפּענדלעך צו באַלײַכטן אַלע אָוונט די שטוב, כּמעט פרײַטיק צו-נאַכט, וואָס דענסטמאָל ווערט עס באַלויכטן פון כײלעווריקע בענטשליכט אין מעשענע לײַכטער אויפן טיש און אין דעם זעקס-ראַרנדיקן קופּערנעם הענגלײַכטער אויבן מיט אַן אָדלער. דער דאָזיקער „לוטש-ניק" גיט, ווי די זון, ליכט, וואַרעמקײט דעם גאַנצן הויזגעזינד און טראָגט אַרײַן פרײלעכקײט, לעבן אין שטוב. אַרום אים פאַר-בּרענגט מען די ווינטער-נעכט אין נעזעלשאַפט מיט עפּעס אַן אַרבעט, אָדער גלאַט אַזוי זיך אַ געשפּרעך. ווײַבער, הײמישע און אַמאָל אויך אײנע אָדער אַפּאָר נאָענטע שכנעס אין דער-מיט, זיצן זיך אויף דער פלײשיקער, אויף דער מילכיקער באַנק, פליקן פעדערן און באַרעדן די וועלט. שאַבעסצונאַכט ווערט צוגערוקט אַ טיש, מען לײענט סאָר און מען עסט גע-קאָכטע קאַרטאָפלעס. כאַנוקע שפּילן די קינדער אין דרײדל, די עלטערע אין קאָרטן — און מען עסט לאַטקעס. און גלאַט אַזוי אַ נאַכט, ווען מ'פּרעגלט שמאלץ, זיצט מען אויפגערוימט, דער-צײלנדיק מײַסעס — און מען עסט גריוון.

די שטוב אין דעם שטעטל ק... איז מעסוגל צו אַלע מינים באַדערפעניש אין דעם מענטשנס לעבן. אַכוץ וואָס זי דינט פאַר אַ קיך, פאַראַן עסצימער, אויך פאַר אַ שלאָפצימער, ווו מען שלאָפט אויף צונויפגערוקטע בענק בײַ די ווענט און בײַ די אויוונס, איז נאָך אין איר געווײנטלעך דאָ אַ שענקל אויך. אַ גאַנצע וואָך, פאַר דעם ביסל שטאָט-גויִם, דאַלפאָנים, איז דאָ נאָר בראָנפן און בײגל. בּעשאַס די יערידים אָבער, אין די מאַרקטעג, איז שוין אויסגעשטעלט פון פויגל-מילך: גע-קאָכטע אײער, שטיקלעך לעבער, הערינג און פיש.

אָט אַזאַ מין שטוב איז אויך יענע אָפּגעטײַקעטעטע צווישן דעם רינג הײַזער, וואָס האָט אָנגעהערט צו ר' באַימען — אַ שײַנער געהויבענער באַלעבאָס, אַ פאַרנעם אין דעם שטעטל.

נאָך אין די רעכטע יונגע יאָרן, ווען אַנדערע, נישט קיין יידישע קינדער, טראַכטן ערשט כאַסענע האָבן, איז שוין ר׳ כאַיִם געוואָרן אַ זיידע און סאָרע זיין ווײַב — אַ באָבע. ר׳ כאַיִם האָט כאַסענע געהאַט זייער פרי, קימאַט נאָך גאָר אַ קינד. עס האָט געהייסן, ווי סאָרע פלעגט ליב האָבן אָפט צו דערציילן, אַז זי איז נאָך געווען אַ קליין מיידעלע און ער, דער מאַן, אַ קליין ייִנגעלע, האָט מען זיי פּלוצלינג אָפּגעשטעלט אַ כופּע, אין דער בעהאָלע. מעגלעך, אַז דאָס איז געשען בעשאַס דער גזיירע, מען זאָל נעמען יידישע קינדער פאַר רעקרוטן. דענסטמאָל האָבן יידן זיך געקליגט, אין כאַפּעניש, אין אײַלעניש אָפּצושטעלן כופּעס ברעקלעך קינדער.

ר׳ כאַיִם איז געווען, „ווי מען זאָגט, אי צו גאָט, אי צו לײַט. זײַן צײַט איז געווען אָפּגעגעבן צו דער פּאַרנאָסע, צו טוירע און אויך צו שטעטישע זאַכן. יאָרן־לאַנג אַוועקגעווען אַ קאַזאָנער ראָוו דאָרט, נישט באַלוינט צו ווערן דערפאַר. זײַן הויז איז געווען טאָמיד פול, דער אַרײַן, דער אַרויס. קיין זאַך האָט זיך נישט געטון אָן אים — צי ווו ערגעץ אַ שפּאַרעניש, אַ לאָרעניש איז ער געווען דער פּאַרמיטלער. בעשאַס עפּעס אַ נויט אין קלאַל־זאַכן פלעגט מען אָנקומען צו זײַנס אַן אייצע און ווען אַלצדינג מיט אים זיך מעיאַשעוו זײַן.

## 2. בײַ ר׳ כאַיִמען אין שטוב.

ס׳איז ווינטער, שאַבעסצונאַכט. אויפן „לוטשניק“ אונטערן קוימענדל, ברענט פריילעך אַ פײַערל, וואָס פון צײַט צו צײַט ווערט עס אונטערגעהאַלטן מיט דינע, טרוקענע שפּענדלעך. דעם פײַערל אַקעגן, בײַ אַ טיש, צוגערוקט צו דער וואַרעמער רובע, זיצט דאָס הויזגעזינד. אַ שכיינע פון דער צווייטער שטוב, פול מיט נײַעס ווי אַ פויק, איז אויך דאָ. מען וואַרפט זיך איבער מיט אַ וואָרט און מען פליקט פעדערן. דערבײַ טאַקע לייענט איינער פון די קינדער פאַר די מײַסע פון יאָסעף האַצאַדיק מיט די ברידער אויף איווריע־טײַטש. די קאַץ זיצט צושאַרנדיק זיך צום אויוון, לעקט אַ לאַפּקעלע, מאַכט מיט די

אויערלעך און האָט, ווי עס זעט אויס, אויך אַ האַנאָע. אין אויוון הייצט זיך, עס קאָכט זיך וועטשערע, נאָר קוידעמקאָל זירט דאָרט אַ טעפּל קאַרטאָפלעס אויף איבערצוכאַפּן דערווײַל. ר׳ כאַיִם גייט הין און צוריק איבער דער שטוב, נאָך אין דער שאַבעסדיקער קאַפּאָטע און זינגט זיך מיט גרויס געפיל. ס׳עפנט זיך די טיר און לײַטישע מענטשן פונעם שטעטל קומען אַרײַן — אַ גוטע וואָך, אַ גוט יאָר!

סאָרע איז מעכאַבעד די געסט גאָר פרײַנדלעך מיט טרינ־קען „שפּעציעס” — מיגע קרײַטעכצער, וואָס אַ קאַפּאָרע פּאַר זיי טיי — און מיט שטיקלעך קאַנדלצוקער, וואָס אַ קאַפּאָרע דערפאַר הײַנטיקער צוקער... מען זיצט זיך, מען בלאָזט און מען טרינקט, איינער פאַררייכערט זיך די פּיפקע — אַ פּאָר־צעלײַען לולקעלע מיט אַ זילבערן דעקל און אַ לאַנגען גע־פלאָכטענעם ציבוק. אַ פּאָר הוסטן זיך אויס, טאַפּן זיך בײַ די נעז, בײַ די בערד און עס הייבט זיך אָן אַ שמועס. אַהין־אַהער, דאָס אַביסל, יענץ אַביסל, ביז מען קומט אַרויף לעסאָף אויף אַזאַ שמועס.

— אָך־כאָ־כאָ, די גזירע פון די קליידער איז דאָך טאַקע אַ מיִעסע זאַך! — מאַכן אַלע מיט אַ זיפץ — ייִדן זאָלן זיך אָנטון דײַטש: אַ קאַרטוז מיט אַ דאַשיק... ס׳איז דאָך עפּעס מעשונע אַ שרעק! און גוואַלד צו וואָס, ריבוינעשעל־אוילעם, צו וואָס?!... וואָס קען „זיי” דאָרט, זיי וואָס קען אַרויסקומען דערפון, אַז ייִדן וועלן זיך שוין אָנטון דײַטש?... עס מוז דאָך עפּעס אַלץ זײַן מיט אַ גאַנג.

— מען שמועסט, דרינען שטעקט אַ שפּיצל — רופט זיך אָן מיט אַ קנייטשעלע יענער פון פּיפּקעלע, פאַרציִענדיק זיך שטאַרק און אַרויסלאָזנדיק פונעם מויל רינגלעך רויך — וואַקסן זאָל עס גאָר, וואַקסן... פון וועמען מיינט איר? — פון מאָנ־טעפיאָרען!

— גאָט איז מיט אײַך, ר׳ בער! וואָס רעדט איר?

— אָט דאָס וואָס איר הערט. אָבער ר׳ באָרעך־הילעלס מעג מען גלייבן? ער קומט ערשט פון די יערידים און האָט דאָרט מיט זײַנע אייגענע אויערן...

— איך האָב אויך עפּעס אַזוינס געהערט — פּאַלט אַרײַן אין די רייד אַ רירעוודיקער, צאַפּלענדיקער ייִד, פאַרבײַסנדיק אַ ליפּ — האַ, וואָרט, וואָס האָב איך געהערט?

— שלאָגט נישט איבער, ר׳ יאָסל — מאַכט דער אוילעם — שאַ!... אַנו, ר׳ בער!

— מען שמועסט, הייסט עס — הייבט אָן ר׳ בער געלאַסן, פאַמעלעך און קײַט איטלעכס וואָרט, ביז ער ברענגט עס אַרויס פון מויל — אָט וואָס: אַז מאָנטעפיאָרע האָט געזען ס׳איז מעֶ... איז ער געקומען מיט אַזאַ פּראָיעקט: אַדוני מיילעך, זאָגט ער, פאַרקויף מיר דײַנע ייִדן, איך וועל געבן פאַר זיי אַזויפיל און אַזויפיל מיליאָן.

— הונדערט טויזנט, האָב איך געהערט, הונדערט טויזנט מיליאָן! — פאַלט ר׳ יאָסל ווײַטער אין די רייד אַרײַן. געמיינט דערמיט נישט אַזוי די סומע געלט, ווי אַרויסצווײַזן דאָ דעם אוילעם, אַז ער ווייסט אויך, וואָס טוט זיך אויף דער וועלט נישט ערגער פון אַנדערע.

— מיילע, וואָס מאַכט עס אויס? — טוט ר׳ בער אַ זאָג פאַרדרייענדיק מיט דער נאָז און דערציילט ווײַטער — מעהייכעטייסע! ענטפערט דאָס מאַלכעס. בעקיצער, מען מאַכט באַלד טאַקע אַ טקיִעסקאַף און מאָנטעפיאָרע גיט דערווײַל אָן אַדערויף.

— כאָלילע, הונדערט טויזנט מיליאָן באַלד טאַקע, באַלד בעמעזומאָנים! — צעשאָקלט זיך ר׳ יאָסל.

— אי, זײַט־זשע מויכל, ר׳ יאָסל, שאַ! — בעטן אים אַלע, ער זאָל שווײַגן.

— בעקיצער, ער גיט דערווײַל אָן אַדערויף — דערציילט ר׳ בער ווײַטער, רויִק, געלאַסן, נישט מאַכנדיק זיך אויס ר׳ יאָסלס רייד — וועהאַמויסער איז ער זיך מיסכאַיעוו סילעקן צום טערמין בײַם נעמען די סכוירע — די ייִדן הייסט עס. דערמיט איז מען זיך צעגאַנגען. זײַ געזונט — פאָר געזונט! נאָכן אָנבײַסן גייט זיך דער מאַלכעס, ווי דער שטייגער איז, אין סענאַט און איז שטאַרק אויפגערוימט. — אַדוני מיילעך, פרעגט אים דער מיניסטער, וואָס איז די מײַסע, וואָס דו ביסט הײַנט

עפּעס אַזוי אויפגערוימט? – אַזוי און אַזוי, ענטפערט דער מאַלבעס מיט אַ שמייכעלע, געמאַכט אַ געשעפטל, פאַר אַזויפיל פאַרקויפט היינט מיינע יידעלעך. – אַדויני מיילעך! טוט זיך אַ כאַפּ דער מיניסטער זייער דערשראָקן, וואָס האָסטו געטון? ס׳איז אַ מעקעך־טאָעס!... און באַלד טאַקע פירט ער אים אַרויס פון די קאָנטאָרסקע ביכער אַ קלאָרן כעשבן, אַז דאָס פּראָצענט, וואָס אַזאַ ס כ ו י ר ע – יידן הייסט דאָס, – טראָגט אין אַ געוויסע צייט יאָרן איין, טרעפט העט־העט מיט אַ שפּיצל אַריבער דעם מעקעך פאַר דער גאַנצער סכוירע. – וואָס־זשע טוט מען? מאַכט דער מיילעך. גערעדט איז דאָך גערעדט און פון מאַלבעס אַ וואָרט איז דאָך אַ גזיירע. אַדעראַבע זאָג, האָסט דאָך אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער, פאַל עפּעס אויף אַ האַסוואָרע. – אַדויני מיילעך! רופט זיך דער מיניסטער אָן, נאָכדעם ווי ער האָט אַ ווײַלע געטראַכט, ס׳איז דאָ אַן אייצע: גיב אַרויס אַ באַפעל, אָבער טאַקע באַלד, יידן זאָלן זיך אָנטון דייטש. גראַמשטראַם! מאַכט דער מאַלבעס, – וואָס איז שייעך דאָס דערמיט? – ס׳איז רעכט! זאָגט דער מיניסטער האַלב עפּעס אויפן וונק – ווי באַלד דייטש, איז דאָך שוין, פאַרשטייסטו מיך, גאָר עפּעס אַנדערש... מיט דיר איז דאָך גענוג אויפן וונק! – אַ־אַ, סייכלדיק! גיט זיך דער מאַלבעס אַ כאַפּ, דו ביסט ווערט פאַר דער אייצע אַ גאָלדענעם מעדאַל. – הערטזשע ראַבויסיי, דעם שפּיץ – מאַכט ר׳ בער, נעמענדיק זיך אויסרייניקן דאָס פּיפּקעלע פונעם אַש – אַקוראַט צום טערמין קומט מיסטאַמע מאָנטעפּיאָרע.

– ניין, נישט אַזוי, ער קומט נישט, ער לאָזט פריער מעלדן – קען זיך יאָסל נישט איינהאַלטן, צעשאָקלט זיך און פאַלט ווידער אַריין אין די רייד.

– שאַ, זייט־זשע מויכל! האַלט זיך איין אַ ווײַלע און שלאָגט נישט איבער, ר׳ יאָסל! – בעט דער אוילעם, וואָס איז זייער טשעקאַווע צו הערן דעם סאָף – נו, ר׳ בער, נו־נו.

– קומט ער, הייסט עס – הייבט ר׳ בער אָן ווײַטער דעם שמועס, ציענדיק די ווערטער ווי יענעם אויף צו לצהאַ־

כעס און שמאָכענדיק פאַר האַנאָע — קומט ער, אַזוי ווי איך זאָג אײַך דאָ, צום טערמין און מאַכט קעוויי־לישנע: אַדוינַי מיילעך! גאָ דאָס מויסער געלט און לאָמיך נעמען די סכוירע — ייִדן הייסט עס. — אָך! מאַכט דער מאַלכעס, מעהייכעטייסע... גיי דיר, זיי מויכל, און וווּ דו וועסט דערזען אַ ייִדן, נעם דיר אים, די סכוירע דײַנע... מאָנטעפיאָרע לאָזט זיך לאַנג נישט בעטן און גייט. ער גייט אין איין שטאָט — נישטאָ, נאָך אין אַ שטאָט — נישטאָ, בעקיצער אין בערדיטשעוו — אויך נישטאָ. קיין סימען אַפילע נישט פון אַ ייִד. אַלע ייִדן זענען אַנגעטון דײַטש — דײַטשן.

— אָוואַ, אָוואָ! — מאַכט דער אוילעם פאַרווּנדערט — אַזוי, זאָגט איר, אַזוי שמועסט די וועלט!

— עט! — מאַכט ר׳ כאַיִם מיט אַ שמייכעלע — נישט טאָמיר איז עמעס, וואָס טראָגט זיך אַרום אין דער וועלט. ס׳איז זיך אַ מעמרע...

צו ר׳ כאַיִמען פלעגט מען אָנקומען אויך בעשאָס, נישט דאָ געדאַכט, עפּעס אַ קראַנקייט. קיין דאָקטאָר אין שטעטל איז נישט געווען, כוץ אַ רויפע, וואָס האָט מער נישט געוווּסט, ווי שלאָגן צו דער אָדער, שטעלן פּיאַווקעס, באַנקעס, אויך גאָלן און שערן. ווי באַלד עפּעס אַ שלאָפקייט, האָט זיך געוויזן דער רויפע, מיט דעם גאַנצן קלאַפּערגעצײַג און געאַרבעט אויף אַלע קיילים: צעקאַראַדאַשעט רוק און לענד, האַלדז און געניק, צוווינטשנדיק דערנאָך עפּעס אויף דײַטשמעריש: „צו געזונג!” און אַז די בראָכע זײַנע האָט נאָך אַלע מיטלען נישט געהאָלפן, דעם קראַנקן איז נאָך געוואָרן ערגער, — פלעגט מען קומען מיט אַ געבעט צו ר׳ כאַיִמען, ער זאָל מויכל זײַן גיין דעם כוילע „צו באַטראַכטן”. און ר׳ כאַיִם, וואָס האָט ער געקענט טון? איז געגאַנגען באַטראַכטן. בײַם אוילעם איז אײַנגערעדט געווען, אַז ר׳ כאַיִם איז אַ גרויסער מייוון אין דאָקטאָריע. ער אַליין ווידער האָט זיך געהאַלטן טאַקע דרינגען פאַר אַ שטיקל מייוון.

ר׳ כאַיִם אָבער איז געווען אַ דאָקטאָר נאָר צו געוויסע קרענק, פון וועלכע מען קאָן כאַלילע ליגן, אָדער מען ליגט

שוין טאַקע אין בעט. קיין קויעך נישט האָבנדיק זיך צו רירן צו אַנדערע, גלאַט אַזוי זיך ווייטיקן זענען שוין געווען אַנדערע אין שטעטל, וואָס האָבן געמויגט איטלעכער צו זײַן זאַך. אויגן־ווייטיק, אַשטייגער, דערויף איז געווען אַ ר׳ פישל. ער האָט געהאַט בעסאָד עפּעס אַ וועסערל, פון וועלכן ער פלעגט געבן עטלעכע טראָפּנס אויף אַ רעפּוע, אומזיסט, נאָר פון מיצווע וועגן. און צו קאַדאָכעס, פלעגט זייער גוט העלפן דער מעלאַמעד ליפּע רוּווּנס, וואָס איז בעעכעס געווען אַ גריילעכער (וועלטענער) מענטש – נישטאָ, האָט עס געהייסן, ווײַט אין דער וועלט צו זוכן זײַן גלײַכן.

## 3. שלוימעלע און זײַן מעלאַמעד ליפּע רוּווּנס

ליפּע רוּווּנס, אַ ייִד אין די מיטעלע יאָרן, איז איינער פון יענע מענטשן, אין וועלכע גאָט האָט אַרײַנגעלייגט אַלע גוטע מאַטאָנעס: גייסט, האַרץ און געפילן, נאָר פאַרגעסן אָבער זיי צוצוגעבן אײן קלייניקייט – מאַזל! בײַם אַרויסגיין פון גאָטס הענט אַהער אויף דער וועלט האָט זיי דער רוּעך, ווי אַ קערנדל טווּע, פאַרטראָגן ערגעץ אין אַ העק, אין אַ ויסט אָרט, ווו עס זענען נישטאָ די אַלע מיטלען ווי געהעריק איז צו וואַקסן.

ליפּע רוּווּנס איז געווען אַ דאַרער, אַ קורצזיכטיקער, מיט אַ בלייך פּאָנעם, אַ שטילער, און זייער באַליבט בײַ איטלעכן אין דעם שטעטל. זײַן כאַראַקטער, זײַן ווּינונג, זײַן שטייגער לעבן, זײַן טון און אַלץ מיט אַנאַנדער האָט באַשײנפּערלעך געוויזן, אַז אין אים איז דאָ דאָס פּינטעלע, דער בּרען פון אַ קינסטלער. ער האָט געהאַט אַ האַנט צו שניצן, צו מאָלן, צו שרײַבן און צו קריצן אויף קופּער און אויף שטיינער, נישט צו מאַכן זיך דערויס אַ פּאַרנאָסע, נאָר גלאַט אַזוי, ווײַל דאָס איז געווען זײַן בעסטער פאַרגעניגן; ווײַל עס האָט אים צו עפּעס געטריבן און ער האָט באַדאַרפט, געמוזט מייסטערן. בײַ דעם שטעטלדיקן אוילעם ייִדן האָט ער געהייסן אַ בער־יע צו אַלצדינג, אַ קענער, עפּעס גאָר אַ שרעק – און זיי האָבן

בײַ איטלעכער געלעגנהייט זיך מיט זײַן בעריעשקייט באַנוצט. און אַז ער טויג שוין יאָ צו אַלע זאַכן און איז דערצו נאָך אַ גוטער מענטש אויך, טוט איטלעכן צוליב, אַזוי זיך, אומזיסט. פּאַרוואָס־זשע זאָלן ווײַבער נעבעך אַזוי זינדיק זײַן, נישט צו באַנוצן זיך מיט אים אויך — צו קאַדאָכעס אַ שטייגער? מען האָט אים געבעטן, האָט ער געשריבן עפּעס אַזוינס אויף מאַנדלען, אָדער אויף טעלער מיט טינט, וואָס צעפירנדיק עס דערנאָך מיט וואַסער, גיט מען עס דעם קראַנקן צו טרינקען — און עס העלפט!... צו די אַלע זאַכן האָט ליפּע רוווּנס נאָך צוגעקנעלט אויך.

פּאָר אַ מעלאַמעד האָט אים געמאַכט ר׳ כאַיִם.

שלוימע ר׳ כאַיִמס, אַ ייִנגעלע פון אַ יאָר זיבן, האָט פון דער קינדהייט זיך געוויזן פאַר אַ ווילס, אַ לעבעדיקס, מיט אַ שאַרף קעפּל צום לערנען. בײַם גאַנצן הויזגעזינד ר׳ כאַיִמס, ווי אויך בײַ פרעמדע, אַרײַנגייערס צו אים אין שטוב, איז שלוימעלע געווען זייער באַליבט פאַר זײַן לעבעדיקייט, פאַר זײַן פאַלן אַמאָל אויף קלאָץ־קאַשעס, און נאָך מער — פאַר זײַנע אָנשטעלן. ס׳איז אין אים געלעגן בעטעווע עפּעס אַזוינס, אויפצוכאַפּן באַלד בײַם ערשטן בליק יענעמס מינע, אַ וואָרט וואָס עפּעס נישט אַזוי, מעשונע ווי בײַ אַנדערע. ער פלעגט וווּנדער־שיין נאָכמאַכן אַבי וועמען מיט אַלע פּאָסטעמקעס — ווי יענער רעדט, ווי יענער שטייט און גייט, אַזוי אַז מען פלעגט זיך האַלטן בײַ די זײַטן פון געלעכטער, זעענדיק און הערנדיק אים.

דער טאַטע אָבער איז אויף דעם קינד אַ מייוון געווען. ער האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז בײַ אַ געהעריקן סיידער לערנען אַלצדינג, וואָס מען באַדאַרף, און בײַ אַ רעכטן מעלאַמעד אין די הענט, קען פון אַזאַ קינד, מיט דער צײַט, ווערן אַ לײַט. נאָר ווו אָבער נעמט מען דעם מעלאַמעד דערצו? אָט דאָס האָט ר׳ כאַיִם געטראַכט און לעסאָף געפאַלן אויף ליפּע רוווּנס. אים האָט עס ר׳ כאַיִם געמאַכט פאַר אַ מעלאַמעד, צו קנעלן מיט זײַן שלוימעלען, מאַטער געווען אים צוצונעמען נאָך עטלעכע קינדער, קעדיי ער זאָל קענען ווי עס איז מיט ווײַב און קינד, ווי אַלע ייִדישע קינדער, אָט אַזוי זיך לעבן...

דער רעבע און דער טאַלמיד האָבן זיך איינער דעם אַנדערן זייער גוט געפּאַסט. דער רעבע האָט געקנעלט גע־טריַי, און דער טאַלמיד — געלערנט געשמאַק. דער שטייגער איז געוויינטלעך געווען, בעשאַס דעם לערנען ביַים טיש פלעגט דער רעבע זיצן אויף זיַין אָרט מיט עפּעס אַן אַרבעט — מאָלן אָדער שטעכן אַ כּסימעלע. נאָר דאָס האָט אָבער נישט געשאַדט צום גאַנג פון לערנען: ער האָט, נישקאָשע, זיך גוט צוגע־הערט, פאַרקערט, דאָס לערנען איז געגאַנגען נאָך פיל בעסער. די אַרבעט איז פאַר אים געווען דאָס אייגענע וואָס אַ פּראָסטן באַלמעלאָכע אַ גוטער טרונק בראָנפן. זי האָט אים באַגייס־טערט, באַלעבט, געמאַכט באַרעדעוודיק. ערשט דענסטמאָל האָט ער דערקלערט אַלצדינג שאַרף, קלאָר, פון מויל האָבן זיך אים געשאָטן פּערל, אין די אויגן האָט געפינקלט אַ היילי־ק פיַיערל, ער האָט געקוקט מיט ליבשאַפט, עפּעס אַזוי גוט... און דעם טאַלמיד פלעגט עס געבן אַ נעם, אַ ברען, אונטערגעבן־אים אַ ביישעק, ער האָט געשלונגען איטלעכס וואָרט, אויפ־שטעלנדיק די אויערלעך. דאָס לערנען איז געווען נאָר עפּעס ווי אַ שמועס צווישן צוויי פריַינד, אין וועלכן איין האָרץ פילט דאָס אַנדערע — אַ שמועס, וואָס מאַכט פאַרגעניגן אי דעם, וואָס רעדט, אי יענעם, וואָס הערט — ביידע פאַרשטייען זיך זייער גוט, און עס ווילט זיך פאַרברענגען אַזוי די ציַיט נאָך און נאָך.

שלוימעלע איז מיט דער ציַיט אַלץ געוואַקסן, געוואַקסן ווי אַ בלימעלע אונטער אַ גוטער האַשגאָכע, און ווערנדיק אַלץ וואָס וויַיטער פאַרשטענדיקער, הערט ער נישט אויף פונ־דעסטוועגן צו בליַיבן, נאָך זיַינע יאָרן נאָך, אַ קינד. שלוימעלע אין כיידער און שלוימעלע אין דרויסן זענען עפּעס גאָר אַנ־דערע, פאַרשידענע מענטשן. לערנט ער — איז געלערנט, ער איז מיטן גאַנצן קאָפּ אַריַינגעטון אין לערנען: ער דענקט, טראַכט, וויל גרינטלעך איטלעכע זאַך פאַרשטיין. נאָר קוים צוגעמאַכט דעם סייפער, איז ער ווי איבערגעביטן געוואָרן: ער לעבט, שטיפט, אַ ייִנגל מיט ביינער. איבערהויפּט האָט שלוי־מעלעס כאַראַקטער פון קינדרוויַיז אויף זיך געוויזן עפּעס, ווי אַ

צונויפגעשטעלטער פון פאַרשידענע מינים, נישט איין שטיק מאַטעריע. עפעס האָבן צוויי געשאָמעס — אַ מאַלער מיט אַ רויען — געשטעקט אין אים ביידע אינייִנעם. ער איז געווען אי איינגעשפּאַרט, האַרט ווי אַ שטיין, אי ווייך ווי אַ טייג, לאָזנדיק זיך פירן אַמאָל ביי דער נאָז; אי בייז, אי מילד, גוט ווי די וועלט; אי ביטער גאַל, אי צוקער זיס! אי ערנסט, אי אַ קאַטאָוועס-טרייבער; אי אומעטיק-פאַרטראַכט, אי לוס-טיק-פריילעך. שלוימעלע איז בעטעווע געווען אַ הייסבלוטיקער, אָנצינדנדיק זיך ווי אַ שוועבעלע, ווי באַלד נאָר עפעס האָט אים געטון אַ ריר.

ער הייבט אָן צו טראַכטן איבער גאָט, זיך פאַר-צושטעלן מלאָכים מיט פליגל, און וויל אַלץ וויסן זייער פּיל אַזוינס, וואָס פּיקט אים דעם מויען, פאָדערט אַ דערקלערונג. פרעגן דעם רעבן — דערצו האָט ער נישט טאָמיד געגוג מוט געהאַט. איינמאָל האָט ער יאָ זיך געפּרווווט מאַכן מיט אים אַ רייד. רויט-ווערנדיק דערביי פלאַם-פייער, נאָר דער רעבע האָט אויסגעהערט מיט אַ שמייכעלע, שווייגנדיק אַ קרום זיך געטון, ווי איינער רעדט: עט!... אויף זיינע שיילעס ביי אַנדערע, עלטערע מיט בערד, פלעגט ער באַקומען טאָמיד איין ענטפער: שאַ, שקאָץ! אַ ייִנגעלע טאָר נישט פרעגן. אַ ייִנגעלע באַדאַרף נאָר פאָלגן, טון וואָס גאָט הייסט — לערנען, דאַוונען, אַז נישט, וועט דער אייבערשטער שטראָפן, שמייסן דאָרט מיט אייזערנע ריטער! — און פאַר אַ רוט האָט שלוימעלע געציטערט, נישט אַזוי פאַר דעם ווייטיק, ווייל אַז מען שמייסט, טוט וויי, ווי פאַר דער שאַנדע — פע, ס'איז אַ חרפּה!... שלוימעלען איז פאַרגעקומען גאָט עפעס נאָר ווי אַ בייזער פאָרעץ מיט אַ קאַנטשיק אין דער האַנט, פאַר אַ מינ-דעסטע קלייניקייט ווערט ער אָנגעצונדן, אייש לעהאָווע—שמייסט!

און ווער שמועסט יאָמים-נוראָים, וואָס, קעפּי ייִדן זאָגן, אַפילו אַ פיש אין וואַסער ציטערט דענסטמאָל — איז שלוימעלע געווען אין איין שרעק. דער גאַנצער איניען פון אויפשטיין צו סליכעס, דאָס כאַפּעניש, לויפעניש אין שול, אויפן פעלד, דאָס יאָ-מערן, וויינען, דאָס טרויעריקע ניגנדל ביים דאַווענען, דאָס או-

מעטיקע פענעמל פון דער מאַמע און פונעם גאַנצן הויזגעזינד, גלײַך ווי עס הענגט איבער זיי די רוט און מען קאָן זיי, מע־כילע, מעקייעם פּסאַק זײַן — אָט דאָס אַלצדינג האָט אויף אים אָנגעמאַכט אַ שרעקלעכע פינצטערע מאָרע־שכוירע, ס׳איז אים נישט ניכע געווען — דער גאַנצער יאָנטעוו, די פיש מיט דעם צימעס.

## 4. יאָמים־נויראָים אין שטעטל

פונעם כוידעש טישרע הייבט זיך אָן אַ צעטל יאָנטויווים: די ביידע ערשטע טעג פונעם כוידעש איז ראָשהאַשאָנע, דער צענטער טאָג — יאָמקיפּער, זיי הייסן יאָמים־נויראָים, שרעקלעכע טעג. און אינאיינעם מיט די טעג וואָס צווישן זיי, הייסן זיי אויך אַסערעס יעמיי טשוווע — צען טעג צײַט, כאַראָטע צו האָבן אויף די זינד: וויינען, בעטן און אויסבעטן אַ גוט יאָר. דענסטמאָל איז אויבן הימל אַ יאַריד, עס קאָכט זיך דאָרט אַ שרעק.

די אַרענדאַרעס פון דערפער אַרום און אַרום קומען מיט קינד און קייט, האַק און פּאַק אין די שטעט אַרײַן, אינאיינעם מיט קאָל־ייִסראָעל צו שטיין דאָרט פאַר גאָטס געריכט און אויסבעטן פאַר זיך און פאַר דער גאַנצער וועלט מענטשן, גאָר אָן אַ שום כילעק, אַ גוט יאָר, אַ דערלייזונג פון אַלדאָס בייז.

דאָס שטעטל ק... איז גאָרנישט קיין שטעטל וואָס אַ גאַנץ יאָר, ווו מען זעט קיין פרישן מענטשן נישט און ווו דאָס לעבן פליסט געוויינטלעך ווי אַ שטיל וואַסערל רויִק, עפּעס ווי פאַר־שלאָפן. אַ פּאָר טעג פאַר יאָמים־נויראָים כאַפּט עס זיך אויף. עס ווימלט פון נײַע פּאַרשוינען, וואָס קומען פון ייִשעוו, פורלעך אָנגעזעצט מיט ווײַבער און קינדער אויף גאַנצע בערג בעבעכעס, איבערבעטן, זעקלעך שפּײַז און שטײַגן מיט אויפעס ציִען זיך איבער די גאַסן. באַלעבאַטים, ייִנגלעך, ווײַסע כעוורע, גייען און לויפן אַקעגן, איטלעכער אַקעגן זײַן אַרענדאַר, וואָס שטייט בײַ אים יאָנטעוו אויף סטאַנציע. פון ביידע זײַטן שיטן זיך רייד הויך אויף אַלערליי קוילעס — פונדאַנען שײַלעס: פאַרוואָס אַזוי שפּעט? פאַרוואָס אַזוי און פאַרוואָס אַזוי? און פון דער אַנדע־

רער זײַט מײַסעס, װוּנדער און ניסים גרויסע: עס האָט געלאָפּנעט
אין וועג אַן אָקס, געפאַלן אַ פערד, אָפּגעריסן אַ בריק, אַ מעובֿע-
רעס ווײַבל האָט זיך פאַרוואָלט אין מיטנדרינען גיין צו קינד,
זיך איבערגעקערט אַ וואָגן, מע באַדאַרף גוימל בענטשן, קוים מיט
דעם לעבן אַרויס... דאָרפסהינט בײַם אָנקומען מיט זייערע באַ-
לעבאַטים רייצן אויף די אַלע שטעטלדיקע הינט. עס ווערט צווישן
זיי אַ געבילערײַ, אַ געשלעגערײַ, גלײַך ווי זיי זענען נישט ברי-
דער מיט איין הינטיש מויל, איינע הינטישע ציין. און בעצמעס
טאַקע איז דאָ צווישן זיי אַ גרויסער אונטערשייד. דער דאָרפס-
הונט איז דאָס, ווי גאָט האָט אים באַשאַפן, ווייסט נישט קיין
פּאָליטיקע, כּוץ דעם באַלעבאָס און די שטוב קאָן ער נישט קיי-
נעם, בילט אויף איטלעכן–אָרעם און רײַך אַלע גלײַך. כאַפּט טאַ-
קע אַ ביין, אַז יענער גיט, כאַפּט און בילט פאָרט ווײַטער טאַקע,
בילט מיט זיין אייגן קאָל, נישט פאַרשטעלט. ער איז פּראָסט אָן
אָנשטעלן. דער שטאָטהונט אַקעגן איז שוין עפּעס ווי געמעלאָ-
כעט, אויסגעפּײַנט, אַביסל פאַלש און האָט מוירע פאַר אַ שטעקן —
בילט אויף אַן אָרעמאַן, אויף אַזעלכן, וואָס קען זיך נישט ווערן,
פאַר אַ שטאַרקן האָט ער אָפּשיי, פאַר אַ רײַכן שיין געקליידט —
אַ שרעק! מיט אַ שטיקל ברויט שויכעד פאַרשטאָפּט מען אים דאָס
מויל, שאַ! גיט יענער פון דער אַנדערער זײַט, אַ ווילד-פרעמד
גאָר, אַ גרעסער שטיקל, טוט ער שוין אים צוליב, פאָ[illegible]
מען הייסט. ער שפּאַצירט זיך אָפּ אַרום, שמעקט ווו [illegible] קען
כאַפּן אַ לעק, מאַכט באַקאַנטשאַפטן, דרייט מיטן וויידל, שטייט
אויף די לאַפּקעס און בילט אַמאָל עפּעס גאָר נישט מיט זײַן קאָל,
גלאַט אַזוי זיך, מען זאָל נישט פאַרגעסן, אַז ס׳איז דאָ אַ הונט,
אַז ער האָט ציין און קען אין אַ גויטפּאַל הינטן-אַרום אַ ביס
טון אויך... אָט די דאָזיקעביידע מינע הינט — אָנקוקן קענען זיי
זיך נישט איינער דעם אַנדערן. די גאַנצע צײַט, וואָס זיי ביידע
געפינען זיך אין דעם שטעטל הערשט דאָרט אַ בילן, אַ האַווקען,
אַ שרײַען אויף די ציין, עפּעס אַ „הינטישער וואָפּראָס”, שטענ-
דיקע קריג און שטענדיקע געשלעג, דער קאָפּ אַוש ווערט
דול! וואָרטשון אַשטייגער, אַ דאָרפסהונט אָן כאָכמעס,
ווייסט נישט מער ווי צו היטן די שטוב, ליגט זיך אויסגעצויגן

אין דרויסן פאַר דער טיר, קוקט בייז ווי אַ רוצח מיט פּאַוולאָ-
פּענע פון בלוט, האַלב-צוגעמאַכטע אויגן, ריַיבט, קראַצט דעם
בויך אין דער ערד, שטיל אונטערפּישטשענדיק פאַר גרויס האַנאָע,
פלוצים רוקט זיך אונטער ק אַ ש ט אַ ן, אַ הויכער, אַ דאַרער, איי-
נער פון די שיינע באַלעבאַטישע שטאָטהינט, ס'איז אים פון דער-
וויַיטנס אין דער גאָז אַריַין אַ רייעך פון יידישע פיש, אויף וועלכע
ער איז אַ גרויסער באַלן, אויך אַ רייעך פון געבראָטנס, וואָס
קאָכט זיך לעקאָוועד יאָנטעוו דאָרט אין שטוב, און ער לאָזט זיך
ווי געוויינלעך, צוקומען נאָענט, שמעקן, נישטערן, טאָמער וועט דאָס
מאַזל אים דינען אַ כאַפּ טון עפּעס. וואָרטשונען אָבער איז די זאַך
נישט געפעלן — וואָס גייסטו, אַזעס-פּאָנעם, אין מיַין גהול
אַריַין? און וואָס איז עס גלאַט פאַר אַ מאָדע, הונט איינעוו, אַרומ-
גיין איבער די הײַזער, אַריַינשטעקן אַ מאָרדע, ווו מען באַדאַרף
נישט?! ער גיט זיך אויף אים פון הינטן פלוצים אַ וואָרף, טוט
אַ ביס און ריַיסט אים אויס אַ זשמעניע האָר. קאַשטאַן ווערט אַזש
פאַרצאַפּלט, פאַרלייגט, מעכילע, דעם וויידל, כאַפּט די פיס אויף
די פּלייצעס — אין אַזעק-אַוועק מיט אַ קוויטש... דאָס אייגענע
איז אויך מיט פּ י ל ק ע ן, אַ שוואַרץ הינטל מיט אַן אויסגעקרומטן
רוקן און הינקענדיק פיסל, וואָס לעבט פון קיצווע — פון יידישע
פּאָמוניצעס. ער לאָזט זיך, ווי דער שטייגער זיַינער איז, צו אַ
יידנס שטוב -- וואָס זאָל ער דאָ איבערטראַכטן? פלוצים טוט אים
אַ כאַפּ ט ר ע ז אָ ר, אַ געזונטער, אַ קודלאַטער דאָרפסהונט, און
ברעכט אים אַ ביין אַזוי, אַז ער פאַרגייט זיך נעבעך פאַר ווייטיק,
לויפט שפּרינגענדיק, דאָס הינקענדיקע פיסל אין דער לופטן, דאָס גע-
זעסל אין דער זײַט אויסגעקרומט און הײַלט, וויעט אויף אַ גריל-
צנדיק קאָל. אַזאַ פּסאַק כאַפּן נאָך אַנדערע שטאָטהינט. ס'איז זיי
פאַרשטערט דאָס לעבן — נישטאָ קיין צוטריט צו אַ יידישער שטוב!
דערפאַר אָבער דערטאַפּן זיי אַ דאָרפסהונט ביַי זיך, ערגעץ אויף
דער גאַס, מעג ער זיך שוין געזעגענען מיט דעם לעבן. זיי וואַרפן
זיך אויף אים פון אַלע זײַטן, שאַרפן די ציין, צופּן און ריַיסן.
עס ווערט אַ געקוויטשעריַי נישט אויסצוהאַלטן. קונדייסים מישן
זיך אויך אַריַין, הידען אונטער, וואַרפן שטיינער, מאַמעס שטייען
אין די טירן, רופן, שריַיען און שעלטן, יידן אויף דער גאַס

כאַפּן אַ ציטער, ראַטעווען זיך און לויפן נאָר אין איין אָטעם, האַלטנדיק זיך בײַ די פּאָלעס.

האַקלאַל, עס ראַשט זיך, עס קאַכט זיך, דאָס שטעטל איז אויף, ס'איז, ווי מען זאָגט, לײַהודים! דאָס לעבן אין דעם שטעטל גייט שוין שטאַרקער, עס זעט אויס, ווי אַ שטײַענדיק טײַכל, וואָס פרילינג־צײַט צעגיסט זיך עס, פּלייצט גיך, האַסטיק מיט אַ גערויש.

און בעשאַס דעם גערויש ווײַזט זיך פּונדערווײַטנס אַ לאַנגער וואָגן פול אָנגעזעצט מיט כאָנע מליניצערס הויזגעזינד. די אַלטע שקאַפע, וואָס האָט אַביסל זיך צוגעשטעלט אויפן וועג, טוט זיך אַצונד אָן אַ קויעך. אַרײַנפאָרן אויף דעם מאַרק האָפּערדיק, מיט דער פּאָמפּע, און לעקאָווער דעם שטעטל און לעקאָוועד די פּאַרשוינען אויפן וואָגן. פאַררײַסט זי דעם ווײדל, שטעלט אויף די אויערן, הייבט פיסלעך און העצקעט זיך לעבעדיק־פריילעך מיט אַ טאַראַראַם, אַ געקלאַפּערײַ פון די רעדער. צוציק לאָזט זיך פאַרויס מיט דער בסורע — אַז מען פאָרט! היטנדיק זיך, פונדעסטוועגן, די ביינער בײַ אַ באַגעגעניש מיט זײַן גלײַכן, אין הינטישע מײַלער נישט אַרײַנצופאַלן. יענע אים אַ שמעק — שאָלעם אַלייכעם, און ער יענע אַ שמעק — אַלייכעם שאָלעם! מאַכט ער אָפּ בעקיצער, אַ שמעק נאָר פון יוינצע וועגן, דרייט זיך באַלד טאַקע אויס און לויפט ווײַטער, די „זקיינע" נאָך אים, האָץ־האָץ ביז ר' כאַימס שטוב, וואָס פון אַ היפּשע צײַט יאָרן שטייט דאָרט איין כאָנע פון דער מיל מיט ווײַב און קינדער — אַ גרויס פּעקל, אָן אײַנאָרע!

פאַר שלוימעלען שטעלט זיך דערנסטמאָל אַ וועלט מיט נײַע אַסאָקים. ס'איז דאָ באַרעכשעם וואָס צו טון, אויף וואָס צו קוקן, וואָס צו באַטראַכטן. לאָז זיך שוין גאָט אָנשרײַבן דאָרט וואָס ער וויל, דערווײַ. אָבער אַז מען לעבט, באַדאַרף מען לעבן.

קוידעםקאָל כאַפּט שלוימעלע זיך אַרויף, באַלד טאַקע נאָך כאָנעס אָנקומען, אויף דעם וואָגן, עטלעכע קונדייסים אַרײַן מיט אים, אַ פּאָר שטייען, אָנהאַלטנדיק זיך פון הינטן, צווישן

די רעדער — און היידאַ! מען ציט בײַ די לייצן, מען שמײַסט, מען מאַכט מיט די ליפּן, שרײַט אין איין קאָל: וויאָ־וויאָ! און מען טוט אַ פֿאָר אַביסל פֿאַרבײַ דער שטוב. דערנאָך נעמט מען זיך צום סמיק צוציקן, מען טוט מיט אים אַ רעד עפּעס אויף אַן אַנדער מין לשון, אַרײַנלאָזנדיק זיך מיט אים אין די הויכע דראָכים, פֿאַרהערנדיק אים וואָס ער קען, פּריִער פֿונדערווײַטנס, מיט אָפּשײַ, אונטערוואַרפֿנדיק אים שטיקלעך ברויט, שפּעטער אַלץ נענטער ביז מען פֿאַרלירט דעם דרעכ־ערעך, און עס ענדיקט זיך, ווי דער שטייגער איז, מיט אַ שטיין און מיט אַ קוויטש...

שלוימעלע אינטערעסירט זיך אויך שטאַרק מיט די נײַע מינע דאָרפֿס־פֿאַרשוינען, אַלצדינג אין זיי קומט אים אויס עפּעס מעשונע. מיידלעך אין נײַע גראָבע שיך און זאָקן, אין נײַע סיט־צענע קליידעלעך פֿון אַ מיסע־מעשונע־קאָליר, מיט גרויסע רוי־טע קווייטן, גלאָצן אויס גרויסע קעלבערנע אויגן, אַ פֿינגערל אין דעם מויל — און קוקן. יינגלעך אין כאַלאַטלעך, אין נײַע קנאַ־קענדיקע לײַבסערדאַקלעך און לײַוונטענע פּלודערלעך, בלאָזן זיך, שעמען זיך, קאַלופּען די נאָז — און שיסן פּלוצים אויס, אין קולאַק, אַ געלעכטער, ווישנדיק־בעשאַס מײַסע טאַקע מיט דעם אַרבל, מיט דער פּאָלע די נאָז, מעכילע. הײַנט דאָס רעדן זייערס, דאָס עסן, איז אויך עפּעס אומגעלומפּערט — דאַכט זיך גערעדט, און ס'איז עפּעס גאָר געבעבעט, דאַכט זיך געגעסן, און ס'איז עפּעס גאָר געפרעסן. אַ קײַען מישטיינסגעזאַגט, אַ מאַכן מיט די באַקן, אַ זופּן מיט אַ הילך! דאָס אייגענע פּאָנעם, דאַכט זיך, דאָס אייגענע פלייש, און פאַרט עפּעס נישט אַזוי ווי בײַ שטאָטלײַט — עס שמעקט עפּעס מיט דאָרף. די ווילדע גאַנדז, אַשטייגער, איז דאָס אייגענע טאַקע וואָס די היימישע, איין פלייש און דאָך עפּעס אַנדערש — אַן אַנדער טאַם, אַן אַנדער קאָליר. כאָנע אַליין איז אייגנטלעך געווען נישט קיין גראָבער מענטש, נאָר צווישן אים און ר' כאַימען איז גאָר קיין פֿאַרגלײַך. דער כילעק צווישן זיי ביידע האָט שלוימעלען געוואָרפֿן זיך אין די אויגן — כאָנע אַקעגן דעם טאַטן האָט גאָר עפּעס קיין פּאָ־נעם נישט! ס'איז אויך אַ גרויסער כילעק צווישן טויבע־סאָסיען,

כאָנעס ווײַב, און דער מאַמען זײַנער. טויבע־סאָסיע איז אַ ברייט־
ביייניקע, אַ יאַדערדיקע. אירע הענט, איר פּאָנעם זענען עפּעס
מעגושעם, פאַרברענט, פאַרבראָטן פון דער זון. גייט זי — איז
געגאַנגען, מען פילט, אַז זי שטעלט אַ פוס, רעדט זי — איז גע־
רעדט מיט לעפצן, אויף דער געמבע. זי איז גוט, נאָר אָבער
פּראָסט. זי איז פרום, וויינט בײַ ליכט־בענטשן, כליפּעט ווי באַלד
זי דערהערט פון דער פירזאָגערין אַ קאָל, כאָטש זי פאַרשטייט
נישט קיין וואָרט. אַקעגן־זשע סאָרע, די מאַמע זײַנע, איז אַן איי־
דעלע, אַ שוואַכע. האָט קליינע הענט מיט דינע בלויע עדער־
לעך, אַ פאַרפרומט בלייך פּאָנעם מיט דינע ליפּן — אינגאַנצן
עפּעס אַ רוכניעס. און אַז זי גייט, דאַכט זיך, זי שוועבט. ווײַזט
ווײַבער אין שול צו דאַווענען, וואָס צו זאָגן, ווען צו שפּרינגען
קאָדעש, לייענט זיי אויף פּאָר, און האָט מיט זיך דאָרט, אין
דער ווײַבערשער־שול, א לימענע אָדער טראָפּנס אַזעלכע,
אויפצומינטערן אי זיך, אי אַנדערע בעשאַס דעם כאַלעשן...
און בעעמעס טאַקע, אַז סאָרע פלעגט לייענען, האָט מען
געקענט טאַקע כאַלעשן. איר לייענען איז געווען פול מיט
געפיל. איר ניגנדל דערבײַ האָט גערירט, געצופּט בײַ דער נע־
שאָמע. א שטיין אַפילע וואָלט פון אירע טרערן אויף צעגאַנגען
געוואָרן.

## 5. די שרעק פאַר „שקאָלעס"

דאָ, אויף דעם אוילעם, איז שלוימעלע אַ לעמעך, ווייסט
נישט פון אַ לעבן צוזאָגן, דערפאַר דאָרט — אויף יענעם
אוילעם, וווהין ער פאַרפליט דורך דעם לערנען, איז ער אַ
ווילדער כאָכעם, קען אַלצדינג ווי אַ גרויסער לאַמדן, אַזעל־
כעס אַפילע, וואָס איז פאַר אַנדערע הײַנט גאָר אַ סאָד. ער
לערנט געמאָרע, פאַרנעמט זיך מיט דינים ומישפּאָטים און נאָך
אַנדערע זאַכן דאָרט. ער איז אַ דאָרטיקער מיט אַלע גענג,
מיט דעם שטייגער רעדן, מיט דעם שאָקלען זיך, אינגאַנצן
מיט די ביינער, מיט לײַב און לעבן. שלוימעלע איז שטאַרק

פארגומען. ווו פאר אים צײַט, ווען צײַט? נישטאָ קיין צײַט!— דער קאָפּ איז אַ׳ט דול.

איינמאָל, נאָך אַ גרויס דולעניש, אַז שלוימעלע איז חי אַ גאסט פון יענער וועלט אהיים אראָפּגעפאלן, עפּעס איבער־צוכאפּן, האָט ער באַלד בײַם ארײַנגאנג אין שטוב דערהערט אַ יאָמער. אַ קלאָג, ווי מען באוויינט אַ טויטן. די מאַמע ברעכט די הענט, טײַנעט עפּעס און וויינט אויף אַ ניגון. דאָ־חידל און איידעלע, צוויי ברעקלעך קינדער, שטייען פונדער־ווײַטנס אין אַ ווינקעלע און רעווען, קוקנדיק אויף דער מאַ־מען, מיט אָפּגנע מײַלעכלעך. לייע, די עלטערע שוועסטער, זיצט אויף דער מילכיקער באַנק אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און איז שטאַרק פאַראומפּערט. שלוימעלען גיט אַ טיאָכקע דאָס האַרץ, אין די אויגן שטעלן זיך אים טרערן, און ער הייבט אָן באַלד טאַקע אויך צו וויינען.

— אוי, אַ גזאַר־דין, אַ גרויס אומגליק, אוי־ווײ, האָט אונדז געטראָפן! — טײַנעט די מאַמע, פארגייענדיק זיך פון טרערן.

— מאַ—מע, מאַ—מע—ע!—רעווען די קליינע קינדער און קראַצן די קעפּלעך מיט ביידע הענטלעך.

— אי־איק־היק!— שלוכצט שלוימעלע. דער דאַרטיקער כאָכעס, און שנײַצט די נאָז.

— ווײַן, שלוימעלע, ווײַן! — זאָגט די מאַמע מיט טכי־נע־לאָשן, אַז זי האָט אים באמערקט, און לייגט ביידע הענט אים אויפן קאָפּ ארויף — טו, אַלמעכטיקער פאָטער, די טרערן פון דיינע אומשולדיקע קינדער טון אין דײַן לאָגל. אוי, אומ־גליקלעך קינד. וויסט איז אונדז, פינצטער איז אונדז — פינצטערע שקאָלעס... יידישע קינדער נעמען אין די שקאָלעס!

— געוואַלד! — שרײַט שלוימעלע, פארגייענדיק זיך אונטער די מאַמעס הענט.

שלוימעלע דער „דאָרטיקער" האָט געהערט, אַז אויף דער וועלט „דאָ" געפינען זיך בײַ „זיי" עפּעס שקאָלעס. וואָס מען טוט דאָרט אזוינס, דאָס האָט ער נישט געוווסט. געהערט

נאָר, אַז מען שמײַסט — אַ שרעק. אַצונד, דערװיסנדיק זיך, װאָס דער מאַמעס געװײן באַטײַט, — אַז ס׳איז דאָ אַ באַפעל, מען זאָל יידישע קינדער נעמען אין די שקאָלעס, איז איִם אַנטפאַלן דאָס געװױנס. עס האָט איִם זיך געדאַכט, אַט שפּײַען זעלנער, מען נעמט איִם, מען פירט איִם, מען שמײַסט... און דעריבער האָט ער נעבעך געשריגן — געװאַלד!

די מאַמע־זשעס װידער האָט געװײנט נישט אַזױ דערפאַר, װאָס מען שמײַסט, שמײַסן שמײַסט מען דאָך אין כאַדאָ־רים לעהאַװדל אױך, נאָר גלאַט אַזױ, װײַל שקאָלעס איז אַ מיִעסע זאַך. דער נאָמען שקאָלעס אַלײן איז שױן פע, אַ שרעק, ס׳איז דאָך אַן עק פון דער װעלט, אױס ייִדישקײט. װאָס קען כאַלילע פון ייִדישע קינדער װערן?

ייִדן אין שטעטל זענען אַרומגעגאַנגען אָן קעפּ, מען האָט געזיפצט, געקרעכצט און גערעדט פון די שקאָלעס. מען האָט געמאַכט אַסיפעס און געטראַכט, װאָס טוט מען עפּעס דערצו, ס׳איז געבליבן, מען זאָל גױזער־טאָניס זײַן, זאָגן טײ־לים, רײַסן קװאָרים און אײַנלײגן די װעלט. מעלאַמדים נע־בעך זענען געװען געפּלעפט, שטאַרק דערשלאָגן, האָבן געצי־טערט פאַר זײערע קנעלונגען. די שקאָלעס װעלן זײ דאָך דערגײן דאָס לעבן, מאַכן דעם טױט. אַז גאָט אַלײן װעט זיך דאָ נישט אַרײַנמישן, נישט טון עפּעס אַ נעס, װעלן זײ דאָך בלײַבן אױסגעשטעלט. עס פאַרשטײט זיך דעריבער, װי שטאַרק נעבעך זײ האָבן געפּילדערט, אונטערגעהידעט דעם אױלעם. אַלע טאָג פרי און פאַרנאַכט זענען די שולן פול געװען פון ייִדן, מעלאַמדים האָבן געפירט אַהין קינדער פון די כאַדאָרים. מען האָט געזאָגט געהױסע קאַפּיטלעך טילים, געװײנט, געפאַסט. דער ערשטער טאָניס שלוימעלעס איז געװען יענער, װאָס װעגן די שקאָלעס. װײַבער זענען געגאַנגען אױף קײװעראָװעס, געמאָסטן פעלד און פאַרגאָסן טײַכן טרערן. — ס׳איז געװען אַ פאַרװײנטער זומער! אַפילע דאָס ביסל גױיִם אין שטעטל זענען אױך געװען עפּעס צעדרײט. די גױיִם און ייִדן פונעם שטעטל האָבן געלעבט צװישן זיך זײער גוט — אײנער פו־נעם אַנדערן געצױגן דאָס שטיקל פּאַרנאָסע, אײנער בײַם אַנ־

דערן האָט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך, אַין איינער דעם אַנ־
דערן זיך געלאָזט דערקענען סײַ אין לייד, סײַ אין פרייד.
איז אַ כאַסענע געווען, אַשטייגער, בײַ אַ ייִדן, האָבן באַ־
קאַנטע גויים געשיקט אים דראָשע־געשאַנק: דער אַ הון, יע־
נער עטלעכע צענדליק אײַער, איינער אַ ברויט, דער אַנדערער
אַ קוילעטש. איטלעכער נאָך זײַן שטאַנד, און דאָס אייגענע
טאַקע אויך פאַרקערט. דעריבער האָט דאָס געווײן, דאָס גע־
פילדער דענסטמאָל בײַ ייִדן, אָנגעמאַכט אַ מאָרע־שכוירע אויף
די גויים און זיי האָבן זיך געוווּנדערט. וואָס זאָל עס אַזוינס
באַטײַטן:

— אָי, בערקאָ! טשויעש, אַ־אַ שטשאָ טאַק זשידקי כני־
קאַיוט, האַ?

דערווײַל האָבן ייִדן זיך געטאָן די אַלטע סגולע — כאַ־
סענע מאַכן ייִנגע קינדער. ס'איז געוואָרן אַ בעהאָלע. שאַדכאָ־
נים, גוטע פײַנע מענטשן, האָבן נישט געשפּאָרט קיין מי, גע־
אַרבעט, אויס ליבע צום פאָלק ייִסראָעל, אויף אַלע קיילים,
מען האָט געכאַפּט און אָפּגעשטעלט כופּעס קליינע ייִנגלעך
מיט יונגע מיידלעך, עס זאָל הייסן, אין דעם פאַל ווען כאָלי־
לע שקאָלעס, הע־הע, אָפּגעטאָן אויף טערקיש — נישטאָ קיין
קינדער. נאָר לויטער באַלעבעסלעך, קליינע ייִדלעך!... און
ביכדיי טאַטעס פון קליינע מיידלעך זאָלן זיך נישט אײַנשפּאַרן,
זיך נישט שטאַרק איבערנעמען מיט זייער סכוירע, איז אַרויס
אַ קלאַנג, אַז מיידלעך וועט מען אויך נעמען עפּעס אין די
קאָלאָניע ערגעץ. אַז שלוימעלע איז אַרויס טרוקן, נישט כאַ־
סענע געהאַט דענסטמאָל אין דער בעהאָלע, איז דאָס מיסטאָמע
נאָר אַ גאָט־זאָך. די מאַמע האָט דאָך כיישעק געהאַט,— דער
טאַטע, עמעס טאַקע, האָט זיך געקרימט. ווי איינער רעדט:
פע! גאָר נאַרישקייטן. אין אַזוינע זאַכן איז דער ווילן פון
די ווײַבער שרעקלעך שטאַרק, ברעכט אײַזן. און פון שלוימע־
לעס זײַט וואָלט נישט נאָר קיין מעניע נישט געווען, אַדראַבע,
עס וואָלט אים נאָך גאָר מעשונע האַנאָע געטון: פאַרוואָס זאָל
ער ערגער זײַן פון אַנדערע ייִנגלעך, פאַרוואָס אַנדערע ייִנג־
לעך קומט עס יאָ קאַלעס און אים נישט?

נאָר ווי די מייַסע איז, שלוימעלע האָט אין דער בע-
האָלע נישט כּאַסענע געהאַט, געבליבן ווי פריִער אַ ייִנגל.
ווי דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז אומזיסט געווען די
בעהאָלע. ייִנגלעך אין די שקאָלעס אַריין האָט מען מיט גע-
וואַלד נישט גענומען, כּיידלעך אין די קאָלאָניעס — אויך נישט.
כּאַדאָרים זענען געבליבן כּאַראָרים און מעלאַמדים וויַיטער
טאַקע מעלאַמדים, אַלצדינג וואָס פריער.

## 6. שלוימעלע דערזעט פאַר זיך אַ נייַע וועלט.

שלוימעלען גייט לעמאַזל דאָס עלפטע יאָר. די טוירע
פאַר אים ביי ליפע רוווּנס לאָזט זיך אויס און ער גייט
איבער אויף דעם טאַטנס הענט, לערנען אונטער זיין האַשגאָכע.

מיט דעם אַרויסגיין שלוימעלעס פונעם כיידער גייט ביס-
לעכווייַז ביי אים פאָר אַ פאַרענדערונג אין דעם לעבן. אַצינד
פילט ער זיך שוין פרייַער צו פאַרבלייַבן אַביסל מער דאָ אויף
דעם אוילעם. עפּעס טוט אַ ווייע אין אים אַן אַנדערער גייסט,
העלער אַביסל ווערט אים אין מויעך, ער הייבט זיך אָן אַרומ-
צוקוקן — און דערזעט פאַר זיך עפּעס אַזוינס, וואָס פריִער
האָט ער עס, דאַכט זיך, אויך געזען, נאָר עס האָט זיך אים
אויסגעוויזן גאָר אַנדערש, אָדער עס האָט גלאַט אַזוי זיך אים גע-
וואָרפן אין די אויגן, נישט צו מאַכן איבעווייניק אין דעם קאָפּ
קיין פּיצל רוישעם. עפּעס מאַקע נאָר אַ מענטש-בעהיימע, אַ ליי-
מענער גוילעם, מישטיינסגעזאָגט: שטייט און ווייסט נישט,
אויף וואָס ער שטייט, זעט און ווייסט נישט וואָס ער זעט.
גענוג איז דאָך זיין וועלטל דאָ אַזוי אויך קליין, האָט ער עס
נאָך מער פאַרקלענערט. פון די אַלע גאַסן אין שטעטל איז
פאַר אים געווען נאָר דער שול-הויף. פון אַלע הייַזער — דער
כיידער, דער קלויז, דער בעסמעדרעש, ווו ס'איז דאָ דער
טויער צום הימל; פון אַלע מענטשן-אייַנוווינער — נאָר
דאָס ביסל ייִדן, און דאָס אויך דאַפקע די וואָס פּיִן זיין בעס-
מעדרעש. יענע אַקעגן וואָס פון דעם אָדער אַן אַנדער קלייַזל
זענען שוין עפּעס בע.

שלוימע הייבט זיך אָן אַרומצוקוקן ווי איינער וואָס שטייט אויף פון שלאָף, אין די אויגן גייט אים אויף אַ ליכט און אַלצדינג קומט אים פאָר עפּעס גאָר נייַ, גלייַך ווי ערשט פונעם איי אַרויסגעקראָכן. עס שטייט זיך אַ שטעטל אויף אַ הויכן באַרג. כוץ דעם שול־הויף זענען דאָ נאָך גאַסן, ווו ס'איז אויך אַ לעבן. עס געפינען זיך נאָך אַי געסלעך אַזוינע, דאַפקע נישט קיין יידישע, וואָס זענען, גאָט זאָל נישט שטראָפן פאַר די רייד, עפּשער טאַקע רייַנער און שענער. מיט גערטנער, ביימער און שאָר־יצראָקעס. — די טאָלן „באַרג־[illegible]קאָפּ" זענען ערטער־ווייַז אויך באַוועצט, באַוואַקסן מיט גריגוואַ. זיי ציִען זיך ווייַט אַרום דער שטאָט, צעוואַרפנדיק זיך אין פאַרשידענע פאַנאָראַמעס: גערטנער, פעלדער און וועלדלעך פון ניס, אויך געמויזעכצן, גרינבאַוואַקסענע זומפּן מיט פּליושניק (זשאַווער) און הוישייַנצעס, צווישן וועלכע עס רינען קוואַלן וואַסער, עס שווי־בלען און גריבלען מינע אויפּעס. אויף יענער זייַט טאָלן ווייטער בערג, ווייַטער פעלדער, וועלדלעך און וועלדער. שלוימעלע שטעלט אויס אַ פּאָר אויגן, קוקנדיק דערויף אינגאַנצן פאַרגאַפט, מיט אַזאַ מינע, גלייַך ווי ער זעט עס צום ערשטן מאָל.

שלוימעלע דערגייט זיך שפּעטער, אַז דאָס שטעטל געהערט גאָר צום גראַף ווינטנשטיין, יידישע קינדער זענען נאָר שכינים דאָ, זיצן אויף צינש; אַז די גוייִם דאָ, הערט אַ מייַסע, זענען באַלעבאַטים אַזוי גוט ווי [illegible], און עפּשער נאָך מער, האָבן אויך אַ שטיקל ווערט; דער מאַרק מיט די קלייטן, מיט די סאָכרים און מעקלערס, מיט די שענקן, אַכסאַניעס מיט די מעשאָרסים און פאַקטאָרן — די אַלע זענען, עמעס טאַקע, אין דער גוטער יידישקייט, אָבער די ערד, די פעלדער אַרום־און־אַרום זענען דאָך גוייִשע, זייערע לעהאַוודל!... אַ באַווייַז דערויף האָט ער אין די יאַגדעס, און די ניס. — יידישע קינדער גייען מיט טעפּלעך, קריגלעך קלייבן יאַגדעס אין וואַלד, רייַסן ניס און עס ציטערט אויף זיי די הויט; אָט קומט איי־סעח, נעמט עס אַוועק און איז נאָך מעכאַבעד מיט אַ קלאַפּ אויך. ס'איז זיי פאַרשטערט נעבעך דאָס לעבן. דער וואַלד מיט זייַנע ביימער, מיט זייַנע שמעקנדיקע קרייַטעכצער איז פאַר זיי

נאָר אַ ריינע אָפּקומעניש, אַ שרעק. זאָל ערגעץ פֿאַלן אַ בלעטלי-
אַנטפֿאַלט זיי דאָס געזונט, זאָל ערגעץ אַ פּיפּס טון אַ פֿויגל,
טוט זיי אַ טיאָכקע דאָס האַרץ... ער אַליין איז דאָך געפּרוּווט
געוואָרן, געווען אין אַזאַ צאָרע, נישט היינט געדאַכט, אַז ער
איז געגאַנגען איינמאָל מיט אַ פּאָר כאַווירים רייסן גרינס אויף
שעוועס. קוים האָט ער אָפּגעריסן אַ צווייגל עפּעס פֿון אַ בלי-
ענדיק באַרנביימל ערגעץ דאָרט נעבן אַ פּלויט פֿון אַ גאָרטן, אַזש
צוויי שקאָצעמלעך טוען זיך אַ לאָז אים אָקעגן און וואָלטן זי-
כער אים געמאַכט דעם טויט. אַ נעס. וואָס גאָט האָט אים גע-
געבן פֿיס, האָט ער זיך צונויפֿגענומען מיט אַלע זיינע קרעפֿטן
און באַלד טאַקע געשווינד מיט אימפּעט אַוועק, אַוועק, איבער-
לאָזנדיק זיינע כאַווירים אויף גאָטס באַוואָר.

שלוימעלע קוקט זיך צו און זעט — אָוואַ, אַ כידוש כלעבן,
עס זענען דאָ יידן, וואָס גיבן זיך נישט אָפּ מיט דער געמאָרע,
האָבן אין זינען אַנדערע זאַכן און לעבן אויך! ער האָט געמיינט,
אַ וועלט יידן ווייסט נישט מער ווי לערנען, און לעסאָף זעט ער,
אַז ס'איז עפּעס נישט אַזוי די מייסע! טכילעס איז אים די זאַך
אַפּילע אַביסל פֿריקרע: וואָס הייסט?... נאָר דערנאָך טראַכט ער
ביי זיך: טאַ, מיסטאָמע באַדאַרף דאָך גאָטעניו אויף זיין וועלטל
האָבן אַזעלכע יידן אויך.

און ווען אַרבעט האָט עס געקאָנט זיין, אַריינלייגן
שלוימעלען אַ פֿינגער אין מויל, אַרויפֿצופֿירן אים אויף אַזעלכע,
זאַכן?

שלוימעלע איז בעטעווע געווען אַ הייסבלוטיקער, אין אים
איז געלעגן פֿאַרבאָרגן אַ פּאָעטישער פֿונק. אַ געפֿיל און ליבשאַפֿט
צו דער שיינער נאַטור. וואָס ווייטער, ווייטער ציט עס אים אַהין
אין די פֿרייע גרינע פֿעלדער, אין די געדיכטע פֿאַרצווייגטע וועל-
דער. שלוימעלע גאַנוועט זיך אַרויס פֿון שטוב און גייט אויפֿן
קאַבאָלעס-פּאָנעם צו דער שיין-כיינעוודיקער נאַטור, ווי אַ
כאָסן אַקעגן דער קאַלע!... די קאַלע וויטעט זיך, לאָזט זיך אים
הערן שטיל אויף אַ שושקענדיק קעלעכל פֿון צווישן שאָקלענדיקע
זאַנגען ווייץ און קאָרן, ווינקט אים דורך זשוואַווע-רירנדיקע
צווייגן פֿון הויך געוואַקסענעביימער; שמייכלט, מאַכט כיין דורך

אַ שײַנענדיקן זײַל שטראַלן, דורכברעכנדיק זיך צווישן דעם גרי־נעם יאַם בלעטער. זי ווײַזט אים איר שיינע רײַכע גאַרדעראָבע, מאַכט אים אַ כיישעק אויסציִען זיך אויף גרינע מיט קווייטן־בלומען־געשטיקטע קאַוויאָרן, און מיט אַ ווייך־געשפּרינקלטן קישעלע פון מאָך צוקאָפּנס; שיקט אים אַ קוש, קרײַזלט אים די האָר דורך אַ מילד־וואַרעם ווינטעלע און לאָזט פאַר אים אַרום און אַרום שפּילן אַ וווּנדער־שיינע קאַפּעליע — עס קנאַקט דער סאָלאָוויי, צעגיסט זיך אין טרעלן, דער ציזיק, דער שטיגליץ מיט דער גאַנצער כעוורע מעשאָררים זייערע האַלטן אים אונטער אויף פּיסטלעך, גע־לענקלעך און בײַקעלעכלעך. ערגעץ פונדערווײַטנס רופן זיך אָפּ געמבעס, אַ מעקען ־פֿון ציגן, אַ הירזשען פון פערד, פּיטערנדיק זיך דאָרט אויף דער פּאַשע און עפּעס ווי אַ שויפער־בלאָזן פון קי. פייגעלעך זינגען, שפּרינגען אויבן אויף די ביימער, באַכיטש־קעלעך, געפּוצט־געצירט באַלאָווע דרייען זיך, טראָגן זיך אין דער לופט, גרילן, היישעריקן שמוצערן, טאַנצן, הייבן פּיסלעך אויף דער ערד אונטן. עס איז אַ לעבן, אַ וועלט נישקאָשע דאָ אויך!... שלוימעלען טוט עס אינעווייניק אַ ברי, ער ווערט אַזש צעשמאָלצן פאַר הייסע זיסע־געפילן.

## 7. אײַזיק דער שמיד און הערצל קיילעס

גיי פאַרשפּאַר זיך, לערן און טראַג זיך איבער מיט אַלע געדאַנקען העט־העט אין אַזאַ צײַט, אין אַזאַ אָרט, גאַנץ ווײַט און פרעמד פון דיר, בעשאַס פאַר די אויגן שטייט דאָ גאָטס וועלטעלע מיט שיינע גוטע זאַכן, וואָס ציִען דיך בײַ דער נעשאָמע: נאַ, פאַרזוך, גישקשה, אין ווייס פון אַ כיִעס צו זאָגן! שלוימעלע איז אַציגד עפּעס ווי דערווײַטערט געוואָרן פון „יענעם אוילעם", און וועלכן ער איז געווען אַרײַנגעטאָן פריִער מיט לײַב און לעבן — דער קאָפּ זײַנער ליגט שוין נישט אין דע־ נעמאָרע ווי אַמאָל. עס גלוסט זיך אים דאָס, יענץ און ער האָט אין זינען האַוליי־האָילעם. דאָס שטיקל „לייענען" פאַר דעם טאַטן מאַכט ער נאָך ווי ס'איז, זופּט אָפּ

אַ בלעטל געמאָרע אין כאַפּעניש, אין אײנעניש עס אַזוי, אַבי געפּאַטערט. איבערגעקומען, און שפּאַצירט זיך דערנאָך דעם גרעסטן טייל טאָג אַרום. ער זוכט זיך אויס נײַע מינע געגנט, נײַע מינע כאַווײרים, זײַן גלײַכן, נישט זײַן גלײַכן, ייִנגער צי עלטער פון אים, וואָס מאַכט עס אויס? אַבי זיי זענען אים צום האַרצן, עס פאַרברענגט זיך מיט זיי די צײַט, עס שמועסט זיך, עס טראַכט זיך און עס פילט זיך עפּעס אַזוי גוט, אַזוי געשמאַק...

שלוימעלע כאַפּט זיך אָפּטערס אַרײַן צו אײַזיק דעם שמיד אין קוזשניע, באַזונדערס, ווען אין דרויסן איז נאַס, קאַלט און אים איז עפּעס אומעטיקלעך אויף דעם האַרצן. ער זיצט זיך דאָרט אין אַ ווינקל און קוקט פאַרטראַכט. אין קוזשניע איז טונקל, אַקעגן אים פאַכט הייזעריקלעך אַ לעדערנער, געלאַטעטער בלאָז־זאַק. ער טוט אַ בלאָז און אַ זײַל פונקען שפּרינגען, טאַנצן ווי די רוכעס אין אויוון. די זון גייט אונטער. עס איז אַ נעפּל — און אָט איז אין אויוון רויך און אַ פלאַם פײַער... די פונקען שפּרינגען און שלוימעלעס געדאַנקען פאַרפליִען ווײַטער, ווײַטער; עס מאָלט זיך אים עפּעס מעשונעדיקע צורעס, דרייענדיק זיך צווישן די פונקען און דראַפּענדיק זיך פון דאָרט אויף די אָפּגעשײַנטע ווענט אַנטקעגן. עס בײַטן זיך די געשטאַלטן, אַרויס־אַרײַן, ביז עס טוט אים שײַנענדיק זיך אַ ווײַז פראַדל! ער ווערט צעקאָכט, נעמט זיך מיט גרויס כיישעק זי צו באַטראַכטן, קוקט־קוקט און דערזעט באַשײַנפּערלעך די ליִכטיקע צורע פון אײַזיקן, וואָס הידעט־אונטער, פאַרגרעסערט אַלץ דאָס פײַער. פּלוצים, אין דער הייסער מינוט טאַקע, כאַפּט אײַזיק פונעם העלישן פײַער אַרויס מיט צוואַנגען אַ גליִענדיק שטיק אײַזן, און האַלטנדיק עס אַזוי אויף דער „קאָוואַדלע“ מיט איין האַנט, שלאָגט ער עס מיט דעם האַמער אין דער אַנדערער האַנט, בעשאַס אַ געזונטער, ברייט־ביינִיקער, צעכראַסטעטער באָכער, באַוואָפנט מיט אַ גרויסן, שווערן האַמער קלאַפּט דערויף אַקעגן. אײַזיק איין קלאַפּ, דער באָכער צוויי; אײַזיק אַ דריי דעם אײַזן אַהער, דער באָכער — קלאַפּ; אײַזיק אַ דריי אַהין און דער באָכער קלאַפּ־קלאַפּ, אַזש פונקען

פליען... ס'איז דאָ פאַר שלוימעלען וואָס צו זען, אַמאָל עפּעס אַנדערש, ס'איז דאָ פאַר אים אויך וואָס צו הערן — די אַרבעט האָט ליב אַ האַמצאָע, אַ ווערטל, עס זאָל געטון ווערן לעבעדיק, פריילעך. דאָרט ווערן אויך דערציילט שרעקלעכע מײַסעס, וואָס דאָס לײַב גרוילט הערנדיק זיי. אין מענטשן צום רעדן איז באַרעכהאַשעס, ניטאָ קיין מאַנגל. ס'איז דאָ געגוג, אי אייגענע, אי פרעמדע, וואָס קומען געבן אַרבעט: דער קומט מיט אַ שטומפּער האַק, יענער קומט מיט אַ צעבראָכן מילכיק קלינגל, אַן איבערגעדרייטן שלאָס, איינער קומט פּאָדקאָווען אַ פערד און דער אַנדערער אַרויפציען אַן אײַזערנע רייף אויף אַ ראָד. — אײַזיק אַליין איז בעטעווע געווען זייער באַרעדעווודיק, אַ צוגעלאָזטער מענטש, מיט אַבי וועמען זיך אַרײַנגעלאָזט אין אַ ברייטן שמועס. באַזונדערס האָט ער ליב געהאַט אַרײַנלאָזן זיך אין כקירעס, געבן יכנעם צו פאַרשטיין דעם שפּיץ פון אַ זאַך, און דערקלערונגען, פאַר וואָס איז יענץ אַזוי און נישט אַזוי? פאַר וואָס נאָזלעכער, אַ שטייגער, זענען אין דער נאָז אונטן, נישט אויבן — די לופט צו אָטעמען איז דאָך פון אויבן פרישער, ריינער ווי פון אונטן? אַזאַ קאַשע האָט ער זיך געקענט פרעגן, פאַרקנייטשנדיק זיך גאַנץ ערנסט, און דערנאָך פאַרענטפערן עס מיט אַ גוטן שמייכעלע, אַזוי: דאָס איז, פאַרשטייט איר מיך, גאַנץ סייכלדיק! קעדיי דער רעגן זאָל אַהין נישט אַרײַנרינען, אין דער נאָז, פאַרשטייט איר מיך. נאָך און נאָך קאַשעס אַזעלכע פלעגט ער פרעגן, וווּנדערנדיק זיך אויף דעם סיידער־האָוילעם, אויף די ווערק גאָטס און זײַן פירונג אין דער וועלט, אַלץ: פאַר וואָס, פאַר וואָס, און לעסאָף אויסדרינגען, אַז אַזוי ווי עס איז, אַזוי מיסטאָמע באַדאַרף זײַן, אַזוי מיסטאָמע איז גאַנץ גוט. די קאַץ האָט דעריבער שאַרפע נעגל, קעדיי זי זאָל זיך קענען דראַפּען אויף די גלײַכע ווענט, דאָס פערד האָט דעריבער אַ וויידל, קעדיי אַראָפּשמײַסן פון זיך די פליגן, און די פליגן ווידער האָבן דעריבער פליגל, קעדיי געשווינד טאַקע אַוועקצופליִען...

געגוג שיין האָט דאָך אײַזיק דער שמיד די גאַנצע וואָך

זיך אויסגעטומלט, שטייענדיק אין אַ צעלעכערטן לעדערנעם פֿאַר־טעך, אָן אַ קאַפּאָטע בײַ זיך אין קוזשניע און זאָגנדיק דאָרט כּקירעס. נאָר נאָך שענער אויסגעזען האָט ער שאַבעס און יאָנ־טעוו פֿאַרנאַכט אויפֿן שול־הויף. ער שטייט זיך דאָרט אָנגעטון אין אַ לאַסטיקענע זשופּיצע, אויפֿן קאָפּ אַ שטרײַמל, גלײַך מיט אַנדערע בעקאָוועדיקע באַלעבאַטים, און דאַרשנט פֿאַר אַ רעדל מענטשן אַרום אים, אַרײַנשטעקנדיק איין האַנט אין דעם גאַרטל ביז דעם גראָבן פֿינגער. אַלץ וואָס ווײַטער פֿאַרגרעסערט זיך דאָס רעדל, עס ציט איטלעכן עפּעס ווי אַ מאַגנעט צוגיין נענ־טער, צולייגן אַן אויער און הערכן, וואָס זאָגט אײַזיק דאָרט עפּעס אַזוינס. עס גייט דאָרט אַ שמועס איבער צימעס, דערנאָך אַ כּקירע: וואָס צימעס? וואָס טײַטש צימעס? מען קומט פֿון דעם איניען אַרויף אויף פּאַסטערנאַק, און אײַזיק נעמט זיך דער־קלערן אַל פּי כּקירע, פֿאַרוואָס פֿאַרלירט פּאַסטערנאַק דעם טאַם באַלד נאָך דעם ערשטן דונער. ער פֿאַרפֿוטעט זיך אין דער כּקירע און פֿאַרקריכט אויף קראָפּיווע: פֿאַרוואָס קראָפּיווע זייעט מען נישט און עס וואַקסט? — הערסטו! טוט ער זיך אַ דריי צוריק, הערסטו, אָט דעריבער טאַקע, וואָס מען זייעט עס נישט, וואַקסט עס אַליין. אויך די אייגענע מײַסע, פֿאַר־שטייט איר מיך, וואָס מיט נאַראָנים... גאָט נישקאָשע פֿאַרשטייט, פֿאַרשטייט איר מיך. אַז אַזעלכעס באַדאַרף אויף דער וועלט אייך זײַן, פֿאַרשטייט איר מיך, אין דעם רעדל ווערט פֿריילעך, מען האָט מעשונגע האַנאָע און מען לאַכט.

די כּעדווע אָבער איז נאָך גרעסער, ווען עס קומט אַמאָל אויס אַ שפּאַרעניש דאָרט צווישן אײַזיק דעם שמיד און לייזקען, דעם צווייטן כאַקרן אין שטעטל. לייזקע איז אַ געוועזענער אַרענדאַר, אַ יישווניק, וואָס אויף דער עלטער האָט ער זיך באַזעצט אין דעם שטעטל, קעדיי צו געפֿינען זיך צווישן יידן. לייזקען איז די נאָז פֿאַר־לייגט, עפּעס אָנגעדראָלן, דעריבער אַז ער רעדט, קומט אויס גע־פֿאָנפֿעט און אַמאָל אויך עפּעס ווי געפּײַפּט. לייזקע קען באַלע־באַטיש לערנען, קוקט אַרײַן אין אַלטע יידישע כּקירע־ספֿאָרים און צווישן אים מיט אײַזיקן איז טאָמיד אַ שפּאַרעניש. לייזקע פֿאַררופֿט זיך אַלץ אויף אַנדערע כאַקראָנים, אויף אַריסטאָ און

נאָך אַזעלכע, און ער אַליין איז נישט קיין באַל-מויעך; אײַזיק דער שמיד דאַקעגן שטעלט נאָר אויף זײַן סייכל, ווייסט נישט פון קיין אַריסטאָ און גייט אין כקירע אויף זײַן אייגענעם דע-רעך. באַזונדערס באַרימט איז זייער שפּאַרעניש איבער באַנקעס— פּאַרוואָס שטייט אַ באַנקע צו פעסט צום לײַב און פאַלט נישט אַראָפּ? לייזקע זאָגט:

— אַזוי איז די מײַסע, ראַבויסײַ! דורך דעם שטעק מיט דעם ברענענדיקן ליכט, וואָס מען טוט אין דער באַנקע, ווערט זי, אָט אַפּאָנעם, אויסגעליידיקט פון דער לופט. הײַנט געדענק-זשע, יידן! אַזוי ווי מיר האָבן אַ קײַמעלאָן, אַז די נאַטור האָט פײַנט ליידיקייט, בעכען, ראַבויסײַ, ציט זיך דאָס לײַב, אָט אַפּאָ-נעם, פאַרנעמען דאָס ליידיקע אָרט אין דער באַנקע.

— וואָס מיר שטעק, וואָס מיר ליידיקייט-שמיידיקייט! — זאָגט אײַזיק מיט אַ שמייכעלע גאַנץ רויִק, נעמענדיק זיך פאַרן בערדל — און פריִער וואָס איז דען, זאָלט איר מיר געזונט זײַן, די באַנקע געווען, נישט ליידיק? לופט האָט דען מאַמאָשעס? אַדעראַבע, פּרווט זיך אויסציִען אויבן אינדערהייך אויף דער לופט, אויב ס׳איז אַזוי. און גאָר אַכוץ דעם, וואָס איז עס גלאַט פאַר אַ לאָשן — אויסגעליידיקט דורך אַ שטעק מיט דער ליכט!

— דאָס איז נישט מײַן לאָשן — פּאָנפעט בייזלעך לייזקע— אַזוי זאָגט אַריסטאָ. איר הערט? אַריסטאָ!

— אָהאַ, אַריסטאָ! אַ קאַטאָוועס אַביסל אַריסטאָ! אַ ראָש איז ער דען, וואָס פּאַסקנט שײַלעס, האַ?

— אָבער אַז אַזוי שטייט דאָרט אין אונדזערע יידישע כקירע־ספאָרים! — זאָגט לייזקע שוין שטאַרק אויפגעבראַכט.

— וואָס טויג מיר, וואָס בײַ אײַך, זאָלט איר מיר געזונט זײַן, שטייט דאָרט אַלץ דאָרט, דאָרט! איך אַליין שטיי, באָרעכ-האַשעם, אַזוי פיל יאָר שטיי איך אין קוזשניע בײַם אויוון. דאָרט ברענט אַ פײַער, אַביסל אַ גרעסערס פון אײַער ליכט און פונדעסטוועגן גאָרנישט, נישט דאָס וואָס די באַנקע... פאַר וואָס?

— ע-ע, וואָס האָט מען צו רעדן מיט אַ ייִנגל! — טוט לייזקע אַ זאָג, אַמאַך געבנדיק פאַר גרויס פאַרדראָס מיט דער

האַנט, און גייט אוועק, נישט אויסהערנדיק, ווי איציק דער־קלערט דעם אוילעם אייף זײַן דערעך דעם שפּיץ, וואָס אין דער באַנקע שטעקט.

איציק דער שמיד, אַ ייִד, אַ זיידע, באַרעכהאַשעם, וואָס האָט שוין דערלעבט אייניקלעך פון זײַן עלטסטער טאָכטער, בײַ אים אויף קעסט מיט דעם מאַן אַ ווילדלערנער, איז מיט אַלע פּאָסטעמקעס זײַנע געווען טאָקע נאָר עפּעס אַ ייִנגל — אַן אַלטער ייִנגל, וואָס איז אַ כּידעש צווישן ייִדן. נאָך דער גרויסער מאָרעשכוירע, וואָס דערוואַקסענע ייִדן, באַווײַבטע, מאַכן אָן מיט זייערע ערנסט־פּינצטערע פּנעמער, מיט זייער זאָרגן אָך־און־ווײ, און ביטער,זויערן מוסער־זאָגן טאָמיד, איז איציקס פרײַנדלעכע־פרײלעכע צורע געווען שלוימעלען אַזוי טײַער גוט, אַזוי צום האַרצן, ווי די ליכטיקע זון בײַם באַווײַזן זיך אירס פון די פּינצטערע כמאַרעס. און דער גאַנצער שטייגער שמועס זײַנער מיט אַלע זײַנע אַגאַדעס איז אים געווען אַזוי געשמאַק, גאָר אַ דערקוויקעניש.

דאָס ייִדיש קינד, וואָס קוים שטעלט זיך עס אויף די פיסלעך, ייִדלט מען עס שוין, מאַכנדיק אויס אים אַ קליין ייִדל; וואָס זײַן יוגנט פאַרשוויגדט גיך ווי אַ כאַלעם און ווערט, אַז אָך - און - ווײ צו אים, פּאַראומערט, געצעלטערט פאַר דער צײַט — אַט אַזעלכעס נעבעך פילט זיך עפּעס ווי נײַגעבוירן אין דער געזעלשאַפט פון אַ מענטשן, וואָס איז צו אים צוגעלאָזט, ווײַזט אים אַ גוטע מינע, וואָס איז אַליין אויך נאָך גאָר אַ קינד, וואָס רעדט מיט אים איין לאָשן, און גייט אים אַרײַן אין דער נעשאָמע מיט זײַנע מײַסעס. דאָס קינד לעכצט נאָך אַזעלכן, נאָך זײַנס אַ וואָרט, ווי אַ דאַר גרעזעלע בעשאַט די גרויסע היצן נאָך אַ טראָפּן וואַסער, און ווערט צו אים צוגעזאָטן מיט לײַב און לעבן. נאָר אַזעלכע יונגאַלטע מענטשן אָבער איז זייער שווער בײַ אונדז צו געפינען.
אין שלוימעלעס צײַטן איז נאָך, אויף זײַן מאַזל, געבליבן אַ נאָר לײַט אַזוינע אין זײַן שטעטל — אייזיק דער שמיד, אייִנער, און הערצל קיילעס דער סטאָליער, דער צווייטער. בײדע האָבן געווירקט אויף שלוימעלעס גײַסט, דערהאַלטן אין אים

דאָס יונגע פּײַערל. בײדע זענען אים געווען זײער טײַער און צו בײדע האָט אים דאָס האַרץ שטאַרק געצויגן.

הערצל קײלעס איז געווען, ווי אײַזיק, שוין אין די יאָרן, אַ טאַטע פֿון קינדער, אויך אַ דאַרער, אַ בלײַכער, ווי ער, מיט דעם אונטערשייד נאָר: אײַזיק איז אַ הויכער און הערצל איז אַ קלײנינקער, נידעריק געוואַקסן. אײַזיק איז געווען טאָ-מיד רויִק, געלאַסן, גערעדט אויף אײן שטימע גלײַך, נישט געדרייט, געשריגן, זיך נישט געיאָגט, געהיצט און נישט אַרויס פֿון די קײלים, אַזוי ווי עס פּאַסט טאַקע פֿאַר אַ כאַקרן. אַקעגן-זשע הערצל איז אַ שפּירט. בײַם רעדן בײַט זיך אים די שטימע און ער גיט פֿון זיך אַרויס משונהדיקע קוילעס, אַ כאַל אויך מיט אַ קוויטש. דער שמועס זײַנער איז געהאַקט, געבראָכן, לאָזט זיך אויס, פֿאַר גרויס אײַלעניש, מיט אַ ווונק, אַ מאַך מיט דער האַנט. נאָר עפּעס נישט אַזוי ווי ער וויל, קאָכט ער, זידט און צאַפּלט מיט אַלע גלידער, אינגאַנצן טאַקע אַ פּ אָ ע ט מיט די בײגער, אַזוי משונהגע, אַזוי קאַפּריזנע, אַזוי אויסגעבראָכט ווי אַ פּאָעט. און בעעמעס האָט אין אים עפּעס אַזוינס געבורטשעט — עס האָט אין אים געשטעקט אַ גײַסט פֿון אַ ק י נ ס ט ל ע ר. דער דאָזיקער גײַסט זײַנער האָט אינעווייניק אין אים ווי דער סאַמבאַטיען נישט גערוט, זיך גע-ריסן מיט אַלע קרעפֿטן אַרויס, זיך צו אַרויסווײַזן אין אַלערליי האַנטאַרבעט. די סטאָליערײַ איז בײַ אים געווען נישט אַזוי וועגן דער פּאַרנאָסע, ווי צוליב דעם פֿאַרגעניגן, וואָס ער האָט דרינען געהאַט — צו מאַכן אַ קײלע. ער האָט געקאָנט אַוועק-זיצן איבער אַ שטיקל אַרבעט מער ווי פֿיל מען באַדאַרף, פֿאַר-צירן עס מיט צאַצקעס, שניצערײַ, כאָטש יענער האָט גאָר אַזוי פֿיל נישט פֿאַרלאַנגט, נאָר צוליב דעם אַליין, עס זאָל זײַן שיין... הערצל האָט אויך געשפּילט פֿידל, נישט אויף כאַסענעס כאַלילע — דערויף איז דאָך געווען דער ייִדישער קלעזמער, פֿײַטל, אויף די וואָכנדיקע טעג, און קאַדראַט דער גוייִשער אויף שאַבעס, בײַ דער קאַלע אויף דעם „פֿאַרשפּיל" — נאָר גלאַט אַזוי זיך האָט ער זיך געשפּילט. זומער פֿאַרנאַכט, אַז די שטאָט-בעהײמעס זענען שוין געקומען פֿונעם פֿעלד, ליגן

זיך שוין אויסגעמאָלקענע אויף דער גאַס, אויס די קוימנס ציִען זיך פאַמעלעך עפּעס ווי פאַרשלאָפן העל-גרויע ווײַלן רויך, ווײַבער שטייען בײַ די פּריפּעטשיקעס, קאָכן וויעטשערע, ערגען פּונדערווײַטנס, פון אַ טײַכל פאַרטראַנט זיך אַ קוואָקען פון זשאַבעס און זשוקלעך טראָגן זיך אַרום אין דער לופט — דענסטמאָל צעגיסט זיך געוויינלעך הערצל אויף אַ פידעלע, שטייענדיק אין דרויסן בײַ זיך אויפן גאַנעקל באָרוועס, אין איינע טאַכטוינים, מעכילינ. קינדער מיט-שטיקער ברויט און האַלבע אייער פאַרזאַמלען זיך אַרום אים, שטאָפּן אָן פולע מײַלער, שטעלן אויף די אויערלעך, גאַפן און הערן. הערצל פידלט און זינגט אונטער, פידלט און מאַכט זיך נאַריש מיט די קינדער, טוט אַ פידל און שטעלט זיך אָפּ, עס אַרט אים עפּעס, ווײַטער אַ פידל אײַן — העי-העי! ער איז שוין אין קאַס. אין דער ערד אַרײַן די פידל, אויס שפּילן. הערצל האָט זיך צעשפּילט — און באַלד לאָזט זיך איבער דער גאַנצער גאַס הערן אַ לאַנגער, אַ מעשוגע-ווילדער קוויטש!... הערצל האָט אויך ליב געהאַט אָפּגעבן זיך מיט זייען און פלאַנצן בײַ זיך אין גאָרטן. הערצלס שטייגער לעבן איז איבערהויפּט נישט געווען לײַטן גלײַך ווי בײַ אַנדערע יידן — קיין שענקל אין שטוב בײַ אים נישטאָ, כוץ קי איז נאָך אין שטאַל דאָ אַ פּאָר אָקסן, דאָ פערד אויך, אַ פויער, טראָכים, אויף סכירעס, אויך אויף צו אַקערן, באַאַרבעטן די פעלדער, וואָס זענען אים איבערגעגאַנגען בעיַרושע פון זײַנע עלטערן, אַ הונט, עס פאַרשטייט זיך, איז אויך געווען—דער איינציקער יידישער הונט אין דעם שטעטל. אין שול אַרײַן איז הערצל געגאַנגען זייער זעלטן, נישט דערפאַר ווײַל ער איז געווען אַן אַפּיקוירעס, האָט נישט מוירע געהאַט פאַר גאָט, כאָלילע! נאָר וואָס דען? גלאַט אַזוי זיך, גאָר אָן אַ שום טאַם. דאָס אייגענע סאַקע מיט עמעצן אַנדערש, ער זאָל פאַרפעלן נאָר אַ מינכע, חאָלט מיט אים געהאַט צו טון אַ וועלט מענטשן — סטײַטש, הולטײַ, אָנזעצן אַ מינכע? הערצל אָבער האָט זיך געמעגט אָנזעצן הונדערטער מינכעס און גאָרנישט, קיינער האָט זיך דערויס גאָרנישט געמאַכט, ווײַל ער איז פאַררעכנט געווען בײַ איטלעכן פאַר אַ יינגל, אַ

צעטראָגענע מין ברָיע, מישטיינסגעזאָגט. היינט טאָקע האָט מען נאָך מוירע געהאַט, צוואָס זאָל מען זיך דאָ נאַרן, פאַר זיין קוויטש אויך. איז ער געקומען אַמאָל אין שול, איז זיין בעסט אָרט געווען צווישן ייִנגלעך וויסע כעורע, הינטער דער בימע. עס ווערט דאָרט אַ לעבן, אַ גערעדעריי, אַ געשטופעריי, און דאַוונען נישט קיין וואָרט—דער שאַמעש מעג זיך, פון יויצע־וועגן, שרייען: שאַ! און שיינע באַלעבאַטעם מעגן פּאַטשן אויף די שטענדערס, מיִעס קרימענדיק זיך, און מאַכן: אי, אי!

הערצל קיילעס איז געווען פאַר שלוימעלען אַקוראַט ווי געוווּנטשן. די דאָזיקע צוויי, פאַרשיידן אין די יאָרן, זענען געווען עפּעס ווי איינס אין זייערע געפילן. דאָס וואָס שלוימעלען האָט עפּעס אַלץ נעמאָנטעט, אינעווייניק אין אים געבורטשעט, אַזוינס וואָס לאָזט זיך נישט דערקלערן, אַ מין ציִעניש אַזעלכעס, וואָס אָן אַ נאָמען: עפּעס אַזוינס, וואָס איז נישטאָ ביי אַלע פאַרזאָרגטע, שיינע ייִדן אין דעם שטעטל, מיט וועלכע ס׳איז אים עפּעס ענג, עס קוועטשט אים, שטיקט אים נאָר צום כאַלעשן — אָט דאָס האָט ער, די נעשאָמע זיינע, דערשמעקט, אין הערצל קיילעס. און לויט ווי עס וויזט זיך שפּעטער אַרויס, האָט מען קיין בעסערן כאַווער פאַר שלוימעלען טאָקע נישט געקענט אָפּזוכן.

## 8. די באַלמעלאָכעס און פּויאַלים אין שטעטל

אייזיק דער שמיד און הערצל קיילעס דער סטאָליער, וועלכע האָבן זיך גערעכנט ביים שטעטלדיקן אוילעם פאַר בעקאָוועדיקע באַלעבאַטים, זענען דערמיט געווען אַ כידעש צווישן די אַלע אַנדערע באַלמעלאָכעס דאָרט אין יענער צייט. ס׳איז דאָך בעעמעס טאָקע אַ וווּנדער: באַלמעלאָכעס — און אַ פּאָנעם פון מענטשן! ייִדן — און אַזאַ קאָוועד!...

יאָ, אַזוי טאָקע! ווי ייִדן ביי די אומעס־האָוילעם, אַזוי זענען באַלמעלאָכעס געלעגן אין דער ערד ביי ייִדן. מעגלעך, אַז היינט נאָך ליגן זיי אויך אין דער ערד, אָבער פאָרט נישט אַזוי

טיף ווי אַמאָל. הײַנט זענען באַלמעלאָכעס צווישן ייִדן דאָך נישט פאַרהאַסט. דער אוילעם פאַרהאַלט זיך אַקעגן זיי שיין, פרײַנד־לעך, ווי עס געהער צו זײַן. מעיוכאָסים נאָר, צווײ־פּאָנעמדיקע, זענען אַקעגן זיי אין האַרצן אַנדערש ווי מיטן מויל. אויך טאַקע ווי עס געהער צו זײַן. נאָר אַמאָל אָבער, און ביפראַט נאָך אין אַזאַ מאָקעם-טוירע און־ייִכעס ווי דאָס שטעטל ק.... זענען באַל־מעלאָכעס געלעגן אין דער ערד טיף נײַן איילן — זייער שטאַרק דערנידעריקט. האָבן אַ באַלמעלאָכע אין דער מישפּאָכע, אַ שנײַ־דער, אַ שוסטער, אַשטייגער, איז געווען אַ פלעק, אַ שאַנדע. עס האָט זייער אָפט געשאַדט צו אַ שידעך. אין באַלעבאַטישן גראַד פלעגט מען אין שידוכים זוכן ייִכעס, מע פלעגט אויסגראָבן פון דער ערד ראַבאָנים, לאָמדים, שאָכטים, כאַזאָנים, באַטלאָנים, און באַגראָבן דעם באַלמעלאָכע, טאָמער האָט ער זיך געפונען אין דער מישפּאָכע. דאָס הייסט פאַרלייקנט זײַן געבויין: עט, ווייס איך וואָס, גאָרנישט, פּערדס פּוס־פּידקעווע! אַ שענקער, אַן אַרענדאַר, אַ באַל־אַכסאַניע, אַ קרעמער, אַ מאַלווע—זיי דאָקעגן זענען געווען נישקאָשע, אַדעראַבע, זייער פֿײַנע מעכוטאָנים, אין שטאָט געהוי־בענע באַלעבאַטים מיט אַ ברייטער דייע אומעטום: אין באָד, אין שול, לעהאַוודל, און אין קאָהעל־שטיבל. דערקלערן לאָזט זיך עס דערמיט, וואָס קיין אַנדערע נישקאָשעדיקע פּאַרנאָסעס פאַר לײַטישע ייִדן זענען אַכוץ די נישט געווען. דערפון האָט מען געקענט לעבן פאַר זיך און אַמאָל פאַר אַנדערע אויך — מיט אַ נעדאָווע, מיט אַ טויווע און אַ גוט וואָרט. האָבנדיק צוליב זייערע געשעפטן באַקאַנטשאַפט מיט פּריצים, גרויסע לײַט אין די הויכע פענצטער, איז מעגלעך זיי געווען צו העלפן איינעם אָדער דעם קלאַל אין אַ נויטפאַל. נישט איין מאָל נאָר איז די יעשועו געקוי־מען דורך אַ פּריצישן באַל־אַכסאַניע, דורך אַן אַרענדאַר און דורך אַ מאַלווע, אַ באַנקיר הייסט עס הײַנט. סטאַם אַרענדאַרעס אין דערפער — איז זייער הויז אָפן געווען פאַר אָרעמע אָרכים, וואָס זענען אויפגענומען געוואָרן מיט עסן און טרינקען און מיט אַ נעדאָווע אויך. מייגסטנס פלעגן אַרענדאַרן אויסהיילן פאַר זייערע טעכטער כאַסאַנים פון די בעסטע באָכערים פון די יעשיוועס.

קאָהעל האָט געהאַלטן באַלמעלאָכעס אין דער מוירע, אָפּ־

געזונדערט פון באַלעבאַטים אין פיל זאַכן פונעם שטייגער לעבן. אַ באַלמעלאָכע האָט נישט געטאָרט שאַבעס אָנטון אַ זײַדענע קאַפּאָטע, טראָגן אויפן קאָפּ אַ שטרײַמל. אין בעסמעדרעש, אין קלויז איז זײַן אָרט געווען אויף דער לעצטער באַנק, הינטער דער בימע. אויף אַסיפעס מיט די פּיינע־בעריעס וועגן שטאָט־זאַכן איז זײַן פוס נישט געווען. זײַן דייע האָט מען נישט געפרעגט. פאַר אַזעס אוכדוימע עפּעס אַ פאַרברעכן, האָט מען אים אויסגעשייגעצט, אויך אויסגעפּאַטשט. זײַנע קינדער פלעגט מען „כאַפּן", „אָפּגעבן" אין דער דינסט, אַ קאַפּאָרע פאַר בעסמעדרעשניקעס, טאַטנס קינדער. זייער גוט טאַקע שיקט זיך דאָ צו זאָגן „טאַטנס קינדער", ווײַל צו קינדער פון באַלעבאַטישן שטאַנד פלעגן אַמאָל שטיין צוגעשריבן קלוימערשט ווי ברידער, קעדיי צו זײַן פאַר זיי די קאַפּאָרע־הינדלעך, אָרעמינקע, ווילד־פרעמדע, נישט זייערע קרויוים, נישט זייער טאַטנס קינדער.

אַליין פאַר זיך זענען די יידישע באַלמעלאָכעס אין יענער צײַט געווען, נישט הײַנט געדאַכט, געפאַלן. דאָס אויסלערנען זיך עפּעס אַ מעלאָכע איז פון אָנהייב אָן זייער שלעכט געווען אָנגעשטעלט. און דערפון איז אַרויסגעקומען זייער פיל נישט קיין גוטע זאַכן. אַ לערנייִנגל בײַ אַ ליאַדע באַלמעלאָכע האָט באַדאַרפט יאָרנלאַנג אָוועק טראָגן פּאַמעניצעס, העלפן אין באַלעבאַטישקייט דער באַלעבאָסטע און כאַפּן פּעטש און קלעפּ ווי האָלץ. אַז געלערנט די מעלאָכע האָט ער מאַקעס, האָט ער זי מאַקעס טאַקע געקענט. ער איז געווען דערנאָך אַ פאַרטאַטש, אַ פאַרביטערטער, אומגליקלעכער מענטש, פאַר צאָרעס ליב געהאַט דעם טרונק. די האַנט זײַנע איז געווען פרײַ אויף אַ קלאַפּ, מעכאַבעד געווען אַמאָל אַפילע דאָס אייגענע ווײַב אויך. אַז אַך־און־וויי די לערנייִנגלעך, נעבעך, וואָס זענען צו אים, אין זײַן צײַט, אין די הענט אַרײַן! און ווער, מישטיינסגעזאָגט, זענען עס געווען די ייִנגלעך, וואָס זענען אַרײַן צו אַזעלכן לערנען די מעלאָכע? יעסוימים, אָרעמינקע, פאַרוואָרלאָזטע, נישט געלערנט אין קיין ביידער, נישט געקענט קיין איווריע — אַמעראַצים; דאָך ווי שלעכט די לאַגע פון די באַלמעלאָכעס איז געווען, האָבן זיך צווישן זיי געפונען זייער פיל גוטע פאַרשטענדיקע מענטשן,

אויך אַזעלכע מיט האַרץ, געפיל און לעבעדיקע פריילעכע קאַבצאָנים.

ווי אָרעם, פאַראומערט דעם באַלמעלאָכעס דירע האָט אויסגעזען פון דרויסן, אַזוי לעבעדיק-פריילעך איז דאָרט צײַטנווייז געווען פון די פויאַלים בעשאַס דער אַרבעט. עס שטייט זיך, אַשטייגער, איציק דאָס שנײַדערל מיט אַ פרעסל אין דער האַנט איבער אַ שטיקל אַרבעט, הייבט אויף אַ קוויטש אַ מאַרש, צוקלאַפנדיק צום טאַקט מיטן פרעסל און כעוורע פויאַלים, באָכערים, אַרום טיש, אַרבעטנדיק געשווינד מיט דער נאָדל, העלפן אונטער — דער אויפן געלענקל, יענער אויפן בײַקעלעכל, איטלעכער מיט וואָס ער קען, און עס שפילט זיך אָפּ אַ „מיילעך-עליון" טשאַקענדיק לעבעדיק, אַזש מאַלאָכים מעגן זיך פרייען. און טאַקע באַלד דערנאָך פאַרקרימט זיך איינער, נאָכמאַכנדיק אויף אַן אומעטיק קאָל דעם באַדכן, ווי ער זאָגט גראַמען צו אַ באַדעקנס. אַ טייל באָכערים שפילן צו ווי די קלעזמער אַ שטיל טרויעריק ניגנדל. די איבעריקע פאַרגייען זיך ווי ווײַבער אין אַ געוויין. ס'איז אַ יאָמער, אַקלאָג — און פון דער קאַצן-מוזיק לאָזט זיך אויס אַ קאָשער-טאַנץ! כעוורע גייט, זיצנדיק בײַ דער אַרבעט, מיט דער קאַלע אַ קאָשער-טאַנץ. די באַלעבאָסטע, די שנײַדערקע, שטעלט אַנידער אויפן טיש אַ גרויסע פולע שיסל אָפגעקאָכטע קאַרטאָפל, הייסע, זודיקע מיט דער שאָלעכץ, און מען מעג גיין אָנקוקן אויף בילעטן, מיט וואָס פאַר אַ גיכקייט די קאַרטאָפל ווערן אָפּגעשיילט, אין מויל אַרײַן געכאַפּט און אַראָפּגעשלונגען. מײַסטערהאַפט! אַזעלכע בעריעס אויף קאַרטאָפלעס-עסן, ווי שנײַדער-יינגען אוכדוימע זענען, איז שווער אויף דער וועלט צו געפינען. זיי האָבן דרינען זיך אויסגעאַרבעט, באַקומען אַ יעדיִע, ווײַל דאָס, קאַרטאָפל הייסט עס, איז זייער שפײַז, מישטיינסגעזאָגט, טאָג-טעגלעך.

דאָרט בײַ די פויאַלים ווערן אָפּט געזונגען לידלעך, אייגענע אַרבעט טאַקע, וואָס גייען דערנאָך אַרויס אויף דער וועלט, צווישן אוילעם, פאַלן אַרײַן אין מויל צו מיידלעך, דינסטמיידלעך און באַקומען דעם נאָמען „פאָלקסלידלעך". פויאַלים וואָס פלעגן וואַנדערוועןְ, אַרבעטן בײַ גויִם אין די דערפער, האָבן

אין זייערע לידלעך אַרײַנגעמישט גוייִשע ווערטער, אַזוי אַז ס'איז אויסגעקומען האַלב יידיש, האַלב רײַסיש. דער „טאָן" פון די לידלעך איז געווען זייער פאַרשידן. ס'איז געווען אַזעלכע אי־בער ליבעס. אַ דינסטמיידל, אַשטייגער, פאַרבענקט זיך אין דער פרעמד נאָך איר געליבטן, דערמאָנט זיך וויינענדיק אָן די גוטע, זיסע מינוטן, ווי זיי פלעגן פאַרברענגען צוזאַמען ווי אַ פּאָר טויבן אויפן שפּאַציר, אַמאָל אין געדיכטע וועלדער און אַמאָל צווישן ווייץ און קאָרן. אָדער סטאַם אַ מיידל גיסט אויס איר האַרץ, ציט זיך מיט דער נעשאָמע צו עפּעס אַ כאָסן, ווי אַ קליין קינד מיט די הענטלעך צו דער שײַנענדיקער לעוואָנע. אויך לידלעך פון אַ שנור איבער אַ בייזער שוויגער, פון אַ יע־סוימע איבער אַ שטיפמוטער. לידלעך פון יידישע רעקרוטן, ווי זיי געזעגענען זיך מיט אַלע זייערע ליבע פאַרן אַוועקגאַנג אין דינסט אויף לאַנגע יאָרן. באַווײַבטע געזעגענען זיך מיט ווײַבער און קינדער, ייִנגלעך, קליינינטשקע, נעבעך, בײַם „דיאַדקע" אויף די הענט, אין ברייטע, לאַנגע פעלצלעך, צוויי מאָל אַזוי פיל ווי זיי, געזעגענען זיך מיט טאַטע־מאַמע, ברידער און שוועסטער. אַזעלכע הייסן אין די לידלעך בידנע יעסוימימלעך, וואָס ווערן, ווי פון אַ בוים אָפּגעריסענע בלעטלעך, פאַרוואָרפן העט־העט ווײַט אין די קאַלטע ערטער, ערגעץ אין אַ העק, צווישן פרעמדע, גראָבע פויערן, צו פאַשען דאָרט בײַ זיי כאַזיירים, און גאָט ווייסט ווו זייער געביין וועט אַהינקומען. טאַטע־מאַמע וועלן אַפילע נישט זיצן „שיווע".

צווישן די לידלעך איז דאָ פיל איבער נעגידים, קאָהעלס־לייט און קליי־קוידעש, אין וועלכע זיי רעכענען זיך אָפּ מיט אַלע פיינע־בעריִעס פאַר די צאָרעס און לײַד, וואָס זיי שטייען פון די לײַט אויס, און לאָזן אויס צו זייער קאָפּ אַלדאָס בייז מיט שאַרפע ווערטלעך און שפּיציקע שטעכווערט־לעך. יענע הייסן בײַ זיי: יאָלדן, שמעלקעס, דאָס אויבערשטע פון שטייסל, צימעס, לאָקש. מען קען מיט רעכט זאָגן, אַז ביי די באַלעמעלאָכעס האָט געטליִעט אַ פּאָעטישער פונק, זיך געלאָזט פילן אַ יונגע פרישע נעשאָמע, און דערמיט טאַקע לאָזט זיך

דערקלערן זייער אומגאַנג ווי כאַווירים מיט קינדער, זייער ליב־שאַפט אַדאַיאַם צו שרײַבער, פּאָעטן.

קינדער זענען פון דער נאַטור אויך שטיקלעך באַלעמע־לאַכעס, זיי האָבן ליב צו מײַסטערן, שניצן, בויען, מאָלן אוכדוי־מע. דאָס יידישע ביידער־ייִנגל, אַשטייגער, נעמט זיך מיט ביי־שעק שניצן פּאָרמעס און גיסן דריידעלעך אויף כאַנוקע, מאַכן האָמען־קלעפּלעך אויף פּורים, מאָלן רייזלעך אין די פענצטער שעוועס. נאָר אָנשטאָט אונטערצוהאַלטן דעם ביישעק ביי קינ־דער צו מײַסטערן, דערשטיקט מען אים נאָך באַלד אין אָנהייב מיט שטרענגע מיטלען — לאָזן זיי בעסער לערנען, זאָגט מען, נישט פאַרנעמען זיך מיט נאַרישקייטן. טרעפט זיך אָבער אַמאָל, אַז קינדער קומען צו באַלעמעלאָכעס, זענען זיי זיך פּאַשעט מעכאַ־יע פאַר גרויס פאַרגעניגן צו זיצן און צוקוקן זיך, צוהערן זיך, ווי יענע אַרבעטן, ווי יענע רעדן, זינגען, זאָגן גלײַכווערטלעך. נאָך דעם אומער, פינצטערע צאַרעס, בייזע פּענעמער און פאַר־קלאָגטע נעשאָמעס, וואָס זיי זעען פאַר זיך שטענדיק אין ביי־דער, אין בעסמעדרעש און אין דער היים, איז אַ פרײַע מינע, אַ פריילעך פּאָנעם, אַ גוט וואָרט פאַר זיי נאָר אַ דערקוויקעניש. די אייגעלעך קוקן, די אויערלעך האָרכן און דאָס הערצעלע קוועלט, איז זיך מעכײַע.

ייִנגלעך זענען באַלעמעלאָכעס, באַלעמעלאָכעס זענען ייִנג־לעך. אי די, אי יענע, האַלט מען אין דער מוירע, זיי זאָלן האָבן טאַרבעס, די — טאַרבעס פאַר טאַטעס, און יענע — טאַרבעס פאַר באַלעבאַטים.

אָט צו אַזעלכע אַלטע־ייִנגלעך האָט שלוימעלען געטראָגן.

## 9. שלוימעלע האָט ליב די נאַטור

עמעס טאַקע, ווי אַלטע ייִנגלעך זענען ביידע, אי אייזיק דער שמיד אי הערצל קיילעס דער סטאָליער, פאַר שלוימעלען געווען ווי געוווּנטשן. נאָר וואָס אָנבאַלאַנגט אײַזיק דעם שמיד, האָט שלוימעלעס האַרץ געצויגן נישט אַזוי צו אײַזיקס פערזאָן

ווי צו זײַן קוזשניע. די קוזשניע האָט עפּעס געזעדט אים צום הארצן, געוועקט אין אים זיסע אַנגענעמע געפילן אַ סאַך מער ווי אײַזיקס כקירעס. אַקעגן־זשע הערצל קײלעס — איז ער אַליין טאַקע, ער מיט זײַן פּערזאָן, ווי ער שטייט און גייט, מיט זײַנע סנוּעס׳ און אַלע זײַנע קאַפּריזן, אַלץ מיטאַנאַנד ווי בײַ קיינעם נישט אין שטעטל, האָט שלוימעלעס האַרץ צו זיך געצויגן. הערצל קײ־לעס אַליין איז געווען, ווי זאָל מען עס זאָגן, עפּעס אַ מין קוזש־ניע — עס האָט אין אים געגליט, געברענט אַ פֿײַער.

די ליידיקע צײַט זײַנע פֿונעם לערנען טיילט שלוימעלע, לויט דער ווערטערונג און די פֿאַרשידענע צײַטן פֿונעם יאָר, צווישן אײַזיק דעם שמידס קוזשניע און הערצל קײלעס. אָסיענצײַט, אַשטייגער, אין די בלאָטעס, אָדער בעשאַס אַזוי אַ מיִעסע פּאַגאָ־דע, אַז ס׳איז נאַס און קאַלט, בלאָזט פֿון אַלע זײַטן, דער הימל איז אַנגעדרודלט, שלעפּט אויף זיך אַרויף, מיִעסע־קאַבצן, אַ שטאַרק אָפּגעבליאַקעוועטן מאַנטל פֿון אַ מיסע־מעשונע־קאָליר, מיט פֿלעקן, מיט לאַטעס אויף לאַטעס פֿון גרויע, שוואַרצע, טונקעלע וואָלקנס און וואַרפֿט אָן אויף איטלעכן אַ מאָרעשכוירע מיט זײַן פֿינצטערן פּאָנעם — דענסטמאָל טרײַבט עס שלוימעלען אין קוזשניע אַרײַן. ער פֿאַרקלײַבט זיך דאָרט צווישן אָנגעוואָרפֿענע געצײַג אין אַ ווינקעלע, בלײַבט זיצן פֿאַרשטאַרט שטיל, און קוקט. עס הידעט דער בלאָז־זאַק, עס פֿלאַמען די קוילן, אײַזנס גליִען, פֿונקען פֿליִען — שלוימעלע איז פֿאַרגאַפֿט, פֿאַרצויבערט. עס טראָגט אים דער קאָפּ, פֿאַרפֿליט אים עט־עט אין די ווײַטע אוילאָמעס אַרײַן. עס טרעטן פֿאַר אים אַרויס געטלעכע בילדער, שיינע געשטאַלטן פֿון וווּנדערלעכע מײַסעס, אַלטע אַגאַדעטעס — אַלצדינג וואָס דאָס האַרץ גלוסט. פֿון די פֿלאַמענדיקע קוילן אינעם אויוון, קוקן צו אים אַרויס שוואַרצברענענדיקע אויגן. דער אויפֿגעבלאָזענער זײַל פֿײַער דאָרט ווערט ביז אין הימל אַרײַן אַ הויכער לייטער, די פֿונקען — פֿליִענדיקע מאַלאָכים אַרויף און אַראָפּ אויף אים. קלאַפּ־קלאַפּ, אויף דעם גליִענדיקן אײַזן קלאַפּן די האַמערס — און עס דאַכט זיך: דאָרט, דאָרט ברעכן זיך פֿון פֿאַרצויבערטע פּאַלאַצן די שלעסער און עס גייען אַרויס פֿונעם לאַנגן שלאָף אויפֿגעו־שטאַנענע באַסמאַלקעס. שיינע, שײַנענדיקע, און פֿון צווישן זיי־

לײַכט אַרויס ווי דער מאָרגנשטערן פֿראַדל, זײַן פֿראַדל! דער בלאָז־זאַק הידעס, הידעס – און שלוימעלע ווערט אָנגעצונדן, רויט ווי פֿײַער... אָט אין אַזאַ מאָרעשכוירעדיקער פּאַגאָדע פֿלעגט שלוימעלע, ער אַליין מיט לײַב און ביינער, זיצן אין קוזשניע, פֿאַרשלאָגן אין אַ ווינקל, נאָר די נעשאָמע זײַנע, זי פֿלעגט זיך אויפֿהייבן און פֿאַרפֿליִען אין אַנדערע וועלטן, וווּ ס'איז איר ליכטיק, וואַרעם, שיין, וווּ עס שפּראָצט, עס בליט און עס לאָזן זיך זען זייער גוטע, וווּנדערשיינע זאַכן.

איז אָבער גאָטס וועלט, דאָ בײַ אונדז, מילד, שיין, דער הימל לויטער, די זון שײַנט – ציט עס, ציט שלוימעלען אָפּצוגעבן זיך איר, אָט אַזוי ווי זי איז, אינגאַנצן מיט לײַב און לעבן און אַלע כושים טאַקע. און דענסטמאָל טרײַבט עס אים צו הערצל קײלעס, וואָס איז מיט זײַנע געגנט און זײַן שטייגער לעבן אים צום האַר[illegible]ער פֿון אַלע ייִדן אין שטעטל, וואָס זײַן הויז און דאָס גאַנצע באַלעבאַטישקייט זײַנס שמעקט עפּעס מיט דאָרף, מיט אַ פֿרישן רייעך פֿון פֿעלד. דען ווו איז עס דערהערט געוואָרן, אַז אַ ייִד, אַ שטאָט־באַלעבאָס, זאָל זיך אָפּגעבן מיט אויפֿעס, מיט בהיימעס, האָבן בײַ זיך אָקסן, פֿערד, אַ גוי, לעהאַוודל, טראַכים, צו באַאַרבעטן די פֿעלדער, און אַ הונט אַ צוגאָב דערצו אויך? אַ ייִד זאָל זיך נאַריש מאַכן, שטעקן ציעפּקעס אין עפּל און באַרנביימער בײַ זיך אין גאָרטן! אַ ייִד, אַ שטאָט־באַלעבאָס, וואָס באַדאַרף מער נישט וויסן דעם מאַרק, דעם בעסמעדרעש און שאַבעס בײַטאָג נאָכן טשאָלנט שלאָפֿן, זאָל מײַסע־קונדעס, ער מיט זײַן באָכערל, גאָר גיין אָפּט שפּאַצירן!

שלוימעלע ווערט בײַ הערצל קײלעס אין הויז אַ היימישער. מיט זײַן זון, בענציִענען, רעב כאַיִמס אַמאָליקן טאַלמעד, ווערט ער אַ נאָענטער כאַווער. ביידע האָבן זיך ליב דאָס לעבן·

בענציִען האָט אין זיך געהאַט דאָס וואָס אַ שטאָטיִנגל און אַ דאָרפֿסיִנגל אינאיינעם. ער האָט געקענט אַרײַנקוקן אין די קליינע אויסיִעלעך, אָפּלערנען אַ בלעטל געמאָרע און קיין כיישעק נישט געהאַט צום לערנען, אָפּגעבן [illegible] מיט דעם באַלעבאַטישקייט אין הויז, אין פֿעלד מיט גרויס [illegible]ראַפּט. בעטעחע איז ער געווען אַ גוטער, אַ שטילער, האָט מער געטון ווי גערעדט.

שלוימפלע פלעגט אים פאַרשטיין אויפן ווונק. עס זיצט זיך, אַ
שטייגער, בענציִען אין אַ זומער־טאָג, בײַ זיך אויפן גאַנעקל.
די זון באַקט אַ שרעק. דער הונט ליגט אים צו די פיס, אויס·
געצויגן אויפן בויך, מאַכנדיק מיט די זײַטן פאַר היץ. צײַטנ·
ווײַז טוט ער אַ הייב דעם קאָפּ, אָן עפן דאָס מויל — אַ לאַפּ·
כאַפּ אַ פליג! אים בײַ דער זײַט זיצט די קחאַטשקע מיט צע·
שפּרייטע פליגל, פון אונטער וועלכע עס לאָזט זיך הערן אַ פּיסק
פון קליינע הינדלעך. דאָס רוט מען דאָ פונעם אָנלויפן זיך אין
דרויסן ביז אַצינד. דער מאַרק איז אָפּגערוימט, מען זעט קיין
לעבעדיק באַשעפעניש דאָרט נישט — בעהיימעס זענען אין
פעלד, קינדער· לעהאַוודל, זענען אין כיידער, און גרויסע גע·
נעצן אין שטוב, אין קלייט, לעכצנדיק נאָך אַ קאַלטן טרונק וואַ·
סער. אויף דער גלײַכער וואַנט ערגעץ דראַפּעט זיך אַ קאַץ,
בלײַבט אינדערמיט שטיין, אויסדרייענדיק דעם קאָפּ, קוקט,
טראַכט, איז זיך מעיאַשעו, וואָס זאָל זי טון: צי אַרויף ווײַטער,
צי אַראָפּ? שלוימעלע רוקט זיך דענסטמאָל ווי אַ קעצעלע אַרויס
פון דער שטוב, נאָכדעם ווי ער האָט ווי ס'איז אָפּגעפּאַטערט,
צוגעגרייט דאָס שטיקל לייענען פאַרן פאָטער. עפּעס בענקט זיך
אים, ציט עס אים די אייגעלעך קוקן, קוקן אַהין וווּ דער הימל
לאָזט זיך אַראָפּ, וווּ עס ציט זיך אַ טונקל־גרינע ליניע פון שפּיצן
הויכגעוואַקסענעביימער. ער טוט אַ בליק — אָ, עס זיצט בענ-
ציִען! מיט איין שפּרונג איז ער לעבן אים.ביידע שווײַגן און
איינער דעם אַנדערן פאַרשטייט, וואָס ער וויל. בענציִען טוט אַ
ווונק, אַ סמאָרע מיט דער נאָז. הייבט זיך אויף און לאָזט זיך
גיין, און שלוימעלע מיט אַ שײַנענדיק פּאָנעם נאָך אים. דאָס
לאָזט מען זיך אַרויס פונעם שטעטל חײַט אויפן שפּאַציר.

אויפן וועג, הינטערן שטעטל, גייט בענציִען אַרײַן צו זיך
אין שײַער, געוואָר ווערן צום אָנגעלייגטן פרישן היי דאָרט. ס'איז
פריש, קיל מעכײַע. דער רייעך פון היי צעגייט זיך אין אַלע גלי-
דער. די ביידע כאַווײרים טוען זיך דערויף אַ וואָרף און גלײַך
אויס די ביינער, ליגן און קוקן ווי די שוועלבעלעך פליִען אַרויס-
אַרײַן, אַדוּמדרייענדיק זיך מיט אַ צווּיטשער אַרום די נעסטן זיי-
ערע דאָרט אונטער דעם שטרויענעם דאַך. זיי אַקעגן שטרעקן

זיך אַרויס אָפענע געלע פּיסקעלעך פון יונגעטשקע נאַקעטע פֿיי-
געלעך, וואָס ווילן עסן.

פונעם שײַער גייט מען און מען קומט צו אַ גלײַכן פרײַען פּלאַץ, ווו עס ציִען זיך אַוועק ווײַט אין דער לענג, אין דער ברייט פעלדער מיט אַלערליי טוועס. עס זעט זיך דאָרט פונדער-ווײַטנס אַ געמעל—ווײַס-רויטלעך בלִיענדיקע רעטשקעס, אײַנגעפּאַסט אין אַ ראַם פון גאָלד-געלע ווייץ אַרום און אַרום. בלויע בלימע-לעך צווישן קאָרן פאַרגעמען די אויגן, און פלִיענדיקע, שפּרינגענ-דיקע גאָטס באַשעפענישן דאָרט זשוזשען אָן פולע אויערן. בענציִען באַטראַכט דאָרט זייערס אַ פעלד מיט האָבער און איז העכסט צו-פרידן, לאָזט זיך פון דאָרט גיין ערגעץ אין דער זײַט. שלוימעלע נאָך אים. ביידע רויט ווי אַ צוויק, ביידע פאַרגעניגט, נישט צו רעדן קיין וואָרט און קומען צו אַ לאָנקע. דאָרט פּיטערן זיך פערד, געפּענטעטע אויף די פאָדערשטע פיס. דערבײַ ברענט אַ פײַער אונטער אַן אַלטער ווערבע, ווו טראָכים באַקט קאַרטאָפל און מאַכט אָן, אונטערוואַרפנדיק דאַרע צווײַגלעך, אַ רויך צו פאַרטרײַבן די קאָמאַרעס. איין פערד, וואָס נאָענט, דערזעענדיק דעם באַלעבאָס, הייבט אויף דעם קאָפּ הויך, שפּרינגט אַמאָל דרײַ מיט די פאָדער-שטע געפּענטעטע פיס און טוט אַ הירזשע — באַרעך-האַבאָ! הייסט עס. בענציִען געזעגנט זיך מיט אים, אַ קלאַפּ געבנדיק אים הינטן אויף דעם רוקן, ער זאָגט עפּעס טראָכימען און גייט ווײַ-טער, שלוימעלע מיט אים, און זיי פאַרגייען טיפלעך אין אַ וואַלד.

נאָך פון דער ערשטער באַקאַנטשאַפט מיטן וואַלד האָט שלוימעלע באַקומען פאַר אים דערכערעך. אי ליב געהאַט אים, אי מוירע געהאַט האָט ער פאַר אים. אין דער יוגנט נאָך האָט ער זיך אָנגעהערט שרעקלעכע מעשׂים: אין וואַלד זענען דאָ גאַז-לאָנים, אין וואַלד זענען דאָ כײַעס-ראָעס — וועלף, בערן, שיידים, נישט-גוטע זענען אויך אין וואַלד דאָ. מיידלעך זענען אַמאָל אין וואַלד געגאַנגען מיט פולע שיסעלעך אַנגעקליבענע יאַגדעס, איז צוגעקומען אַ בער, זיך גענומען פרעסן די יאַגדעס, און די מייד-לעך זענען קוים מיט דעם לעבן אַנטלאָפן. הײַנט איז גלאַט אַ סאַקאָנע פאַר יידישע קינדער פון שקאָצימלעך מיט הינט.

דאָס ערשטע מאָל, אַרײַנקומענדיק מיט זײַנע כאַוויירים אין

וואַלד, האָט אים געטיאַכקעט דאָס האַרץ, זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זײַטן און בײַ אַ מינדסטן שאָרך פֿאַרביסן די ליפּן און געמאַכט — שאַ!

שפּעטער, שפּעטער, אויף זײַנע שפּאַצירגאַנגען מיט הערצל קיילעס, מיט בענציענען און דעם הונט, לעהאָודל, איז ער צום וואַלד געוויינט געוואָרן. אַז מען פֿלעגט זיך באַגעגענען דאָרט מיט שקאָצים, פֿלעגן איינע די אַנדערע זאָגן: „דאַבּרי דיען!" און פֿון ביידע צדאָדים די הינט פֿלעגן איינע די אַנדערע זיך באַשמעקן, באַלעקן.

מוירע, הייסט עס, איז שוין נישט געווען וואָס צו האָבן. דאָך דער דערעכערעך פֿאַרן וואַלד איז בײַ שלוימעלען אויף טאָמיד געבליבן. אים האָט זיך דער וואַלד פֿאַרגעשטעלט אין קאָפּ נאָר עפּעס אַ לעבעדיק באַשעפעניש. עפּעס אַ מין פֿאָלק אַזוינס. עפּעס שטייען זיך אויף אַ גרויס שטיק לאַנד ביימער — אַלטע זקיינים, ציידעס, עלטערזיידעס, און יונגע, קליינוואַרג, איטלעכער, דאַכט זיך, שטייט פֿאַר זיך באַזונדער, נאָר אין גרונט געבומען זענען זיי דאָרט טיף פֿאַרפּוטעט, פֿאַרייניקט מיט די וואָרצלען און ציִען די „יעניקע" ווי אַזעלכע פֿון איין שוירעש. זאָל ווייען פֿון ערגעץ עפּעס אַ ווינטעלע, שושקען זיי זיך איבער, סוידען זיך, אָנבייגנדיק די קעפּ איינער צום אַנדערן. קיינער שווײַגט נישט שטיל, עס „רירט" אָן איטלעכן און איטלעכער לאָזט זיך הערן מיט זײַנס, באַסעווע צו, טוט אַ שאָקל מיטן קאָפּ. אַ מינדסטער קלאַפּ בײַ אים דאָ, רופט זיך עס אָפּ בײַ אים העט ווײַט דאָרט. און זאָל אַ בלאָז טון אויף אים, ווי עס מאַכט זיך אַמאָל, אַ פּויִער, אַ בייזער ווינט פֿון צאָפֿן־זײַט, כאַפּט ער זיך אויף מיט אַ כאַס, אַ צאָרן, עס ראַשט זיך, עס פֿילדערט פֿון גרויס ביז קליין. עס רוישט און שטורעמט ווי כוואַליעס אין יאַם. פֿאַרשטומט ווערט ווו אַ לעבעדיק באַשעפעניש אין אים, באַהאַלט זיך אין אַ לאָך פֿאַר שרעק.

שלוימעלע קען דעם וואַלד, ווייסט זײַן נאַטור, האָט אַליין שוין געזען אים צעשפּילנדיק זיך אין אַ שטורעם מיט אַ ווילדער קראַפֿט, און דעריבער באַקומט ער טאָמיד בײַם אַרײַנגאַנג עפּעס אַן אָפּשײַ פֿאַר אים, אַפֿילע ווען ער שטייט זיך שטיל רויִק, ווען

ער לאָדט איַין צו זיך, ווי אַ גוטער מאַכניס־אורעך, צו קומען אויסרוען זיך אין זיַין שאָטן, איז מעכאַבעד מיט רויטע אי מיט שוואַרצע יאַגדעס און לאָזט שפּילן אַ קאַפּעליע פון זיסע ניגונים. מיד פון דעם שפּאַציר אויף די פריַיע, פריילעכע פעלדער, זיצט ער אַצינד מיט בענציָענען אָנגעלענט אונטער אַ צוויַיגהאַפּטיקן בוים, הערט זיך צו, קוקט זיך צו צו אַלצדינג אַרום און אַרום מיט דערעכערעץ און האָט אין האַרצן שטאַרק האַנאָע.

פונעם וואַלד אַרויסגייענדיק לאָזט מען זיך צוריק אין שטעטל, מען כאַפּט זיך אַריַין, שוין אַביסל שפּעטלעך, אין בעס־מעדרעשׂ, שאַ קיטש, גליַיך ווי גאָרנישט געשען, און מען פאַר־בייַסט מיט אַ מינכע.

אָנזעענדיק זיך וואָס עס טוט זיך אין דער באַלעבאַטישקייט ביַי הערצל קיילעס, נעמט שלוימעלע און ווערט אַ באַלעבאָס אויך ביַי זיך. זוכט אויס אַרבעט אין גאָרטן, וואָס הינטערן שטוב, קריכט צווישן די בייטן רייַסן ציבעלעס, רעטעך, אוגערקעס, ריַיסט אויס דאָרט די קראָפּעווע, און קוקט זיך צו דערנאָך אַ מאָל צען אין טאָג צו דעם גרינוואַרג, זען, צי ס׳איז שוין אויסגעוואַקסן... פאַרנעמט זיך מיט טויבן, פאַר וועלכע ער מאַכט פון שטרוי נעסטן אויף דעם בוידעם, האַלט אויך שפּילפייגעלעך אין שטיַיג־לעך. זעצט אויך הינער אויף אייער אין אַ קאָרב אונטערן בעט, קריכט אַהין עפּטערס, טשעקאַווע צו זען, ווי עס פּיקן זיך אויס הינדעלעך.

גראָד מאַכט זיך, אַז אין שטוב דרייט זיך אַרום אַן אינ־דיטשקע, זייער אַ שיינע, באַליבט ביַים גאַנצן הויזגעזינט, און מען בעט זי אויס ביַי דער מאַמען, נישט צו שעכטן עס. ס׳איז דאָ אָן איר אויך אַ פּאָרפאָלק — אַן אינדיק מיטן וויַיב—אויף פּיי־סעך, לאָז זי לעבן און בליַיבן אויף פּליד. די אינדיטשקע זעצט זיך לעמאַזל אויף אייער, פּירט אויס אַ זעצל קינדערלעך, און שלוימעלע נעמט אויף זיך, אין אַ גוטער שאָ, די גאַנצע מי מיט דעם קליינוואַרג.

און דעם עמעס מוז מען זאָגן: ער האָט געטון זיַין זאַך געטריַי, זיי געשענקט גענוג צײַט און זיך אָפּגעגעבן מיט זיי

אַ סאַך מער נאָך וויפל טאַטע־מאַמע האָבן געוואָלט, אַזוי אַז ס׳פּלעגט אַמאָל צווישן זיי פאָרקומען צוליב דעם אַ ווערטלען זיך אונטער פיר אויגן.

— דו! — מאַכט רעב כאַיִם צום ווײַב, וועלכע ער האָט, אויף דעם יידישן שטייגער, קיינמאָל נישט גערופן בײַם נאָמען, נאָר סטאַם: דו — די אינדיטשקע איז דײַן מעלאָכע. עס האָט זיך איר פאַרגלוסט האָבן אינדיקלעך! דערווײַל לערנט נישט דאָס באָכערל, האָט אין זינען שטענדיק אינדיקלעך. נ־נ,נו!

— אָט האָסטו דיר שײַגס! — פאַרענטפערט זיך סאָרע מיט פאַרדראָס — מיר האָט זיך פאַרגלוסט אינדיקלעך! אַלע אין שטוב האָבן געכאַלעשט: לאָז איבער די אינדיטשקע! און אַז ס׳מאַכט זיך עפעס וואָס, גייט צו מיר אויס דער צאָרן. ווי אַ יידישע טאָכטער איך בין, מאָרגן שיק איך, בלי נייַדער, נאָך דעם שויכעט, אויב דו ווילסט, און לאָז ער קוילען פון מײַנעטוועגן די אינדיטשקע מיט די אינדיקלעך אינאיינעם.

— אָן קאַס! — זאָגט רעב כאַיִם שוין ווייכער, קימאַט מיט אַ געבעט — מיט דיר טאָר מען נישט רעדן קיין וואָרט. באַלד ווערט זי אין קאַס. צו וואָס קוילען באַשעפעניש נעבעך? אַז זיי לעבן, זאָלן זיי זיך לעבן. געלעבט אַזאַ צײַט און פלוצים... אַ ראַכמאָנעס, נעבעך, אַ צאַר־באַלע־כאַיִם!

— וואָס־זשע ווילסטו פון מיר האָבן? — מאַכט סאָרע נאָך אַלץ מיט אַ ברויגעז־פּאָנעם — אַז דו ביסט אַ באַלראַכמים, וואָס־זשע זאָגסטו מיר, וואָס?...

— גאָרנישט, גלאַט אַזוי — פאַרענטפערט זיך רעב כאַיִם מיט אַ גוט שמייכעלע — איך זאָג עס דיר סטאַם אַזוי: אַז דער קאָפּ ליגט אים צופיל אין די אינדיקלעך. אַלץ אין דרויסן, אין דרויסן.

— איך וויים, אָסער, נישט, וואָס דו ווילסט — מאַכט סאָרע קלוימערשט און טרערן שטעלן איר זיך אין די אויגן — אַ קינד זאָל דעם גאַנצן טאָג, וויל ער, זײַן פאַרשפּאַרט. איך האָב

נישט קיין האַרץ פאַרווערן אים אָנקוקן די ליכטיקע שײַן. אַדע-ראַבע, טאַטע, זיך דו מיט אים און לערן פון פרי ביז נאַכט, פאַרוואָס, טאַטע, קוקסטו אים נישט אָן דעם גאַנצן טאָג?

— נו-נו-נו, געווג! — טיטשעט רעב כאַיִם דאָס ווײַב מיטן פינגער, שמייכלענדיק צו איר אַזוי פרײַנדלעך ביז וי טוט אויך אַ שמייכל און — שאָלעם, אַלצדינג ווידער וואָס פריִער.

—

## 10. שלוימעלע הייבט אָן דערפילן צאָרעס

דער וועג פון שלוימעלעס לעבן ביז אַהער, ווען אַפילע ער איז נישט אויסגעשאָטן געווען מיט בלומען, דאָך שלעכט האָט מען אים נישט געקענט אָנרופן. לעכאָלאַפּאָכעס האָט זיך דער וועג געצויגן גלײַך ווי אַ סטרונקע, גלאַט אָן גריבלעך. שפּעטער הייבט דער לעבנסוועג זײַנער אָן זיך צו קרימען, ווערט גריבער-דיק. ווײַטער אַביסל איז ער שוין באַוואַקסן מיט דערנער, נאָך ווײַטער ציט ער זיך שוין אַרויף און אַראָפּ איבער בערג, איבער טאָלן און טיפע אָפּגרונטן. דער גאַנג אויף אים ווערט שווער, וואָס ווײַטער, ווײַטער, אַלץ ערגער, ערגער, כאָטש נעם און פאַל אַנידער, כאָטש טו זיך, סאָניי-ציִאָן, אַ מײַסע אָן.

די ערשטע שטיינער אים אויפן וועג — זענען צאָרעס האַק-לאַל, צאָרעס, פּוראָניִעס, וואָס זענען קעסיידער איינע נאָך די אַנ-דערע אויף דעם שטעטל ק. אָנגעשיקט געוואָרן.

איינע פון די הויפּט-פּאַרנאָסעס, וואָס דערמיט האָט דאָס שטעטל ק. אויסגעצייכנט זיך פון אַלע אַנדערע שטעטלעך אין ליטע, איז געווען „אַסטראַכאַנקע" און באַזונדערס די „שלייער"-אַרטיקל.

אַסטראַכאַנקע — דאָס איז געווען אַזאַ סאָרט לײַוונט, גע-פאַרבט טונקל-גרין און צונויפגעלייגט אין שטיקלעך פון אַ גע-וויסער צאָל אַרשין, וואָס פלעגט דינען מיינסטנס אויף אונטער-שלאַק און אויך אויף קאַפּטנס פאַר אָרעמעלײַט. פאַרוואָס די לײַוונט האָט געטראָגן אויף זיך דעם נאָמען אַסטראַכאַנקע, דאָס איז אין

דער געשיכטע פונעם שטעטל אַדאַיאָם נאָך נישט דערקלערט געוואָרן.

שלייער האָט געהייסן זייער אַ דין געבלייכט שטיקל לײַוונט, לאַנג און שמאָל ווי אַ האַנטעך — אויך די שטעטלדיקע וועבערס מעלאָכע. מיט דעם מין האַנטעך פלעגן ווײַבער אַרומוויקלען דעם קאָפּ איבער דער קאָפּקע, אויסקנייטשנדיק עס אַזוי, אַז הינטן אויף דער פּאַטיליצע לאָז אַראָפּהענגען צוויי עקן, אין דער גרייס און דעם געשטאַלט פון מלינצעס און זיי בײַ די זײַטן צוויי קלע-נערע מיט דעם נאָמען „פּאָכעס". דעם פאַרשלייערטן קאָפּ האָט ווי אַ רייף אַרומגענומען אַ צונויפגעלייגטע פּאַטשיילע, פאַרדרייט מיט אַ קנופּ אויפן שטערן, און די עקן פּאַטשיילע פאַרשטעקט, אָדער צוגעשפּילעט, איין עק פון דער זײַט קאָפּ, יענער פון דער אַנדערע זײַט. שאַבעס און יאָנטעוו האָבן ווײַבער פון באַלע-באַטישן שטאַנד געטראָגן אויפן קאָפּ זײַדענע פּאַטשיילעס, אינ-דערוואָכן וואָלענע מיט גרויסע קווייטן — עפּל-פּאַטשיילעס. די דאָזיקע ביידע מינע פּאַטשיילעס האָבן מעכּוטאָנים פון כאָסנס צאַד באַדאַרפט שיקן פאַר דער כאַסענע אַ מאַטאָנע דער קאַלע און מעכוטאָנים פון קאַלעס צאַד האָבן געשיקט דעם כאָסן אַ שטרײַמל.

אָט אַזוי האָבן אונדזערע באָבעס אַ פּאָנעם געהאַט אין שלייער!

דער שלייער האָט באַדאַרפט זײַן ווײַס ווי שניי, אָנגע-קראָכמאַליעט, אָנגעבלויט און אויסגעקײַקלט. די דאָזיקע מעלאָכע פון קײַקלען-גלעטן אַ שלייער, איז געטון געוואָרן פון צוויי ווײַבער, באַלעבאָסטעס, בעשוטפעס, אַזוי: איינע האַלט מיט ביידע הענט בײַ די שפּיץ-עקן שלײַער פון איין זײַט, די צווייטע טוט דאָס אייגענע יענער אַקעגן פון דער אַנדערער זײַט. אויף אַזאַ אויפן בלײַבט דער שלייער צווישן די ווײַבער אויסגעצויגן ווי אַ לאַנגע שמאָלע רינווע, אין וועלכער עס געפינט זיך אַ גרויסע, קײַלעכדיקע, גלאַטע קויל פון גלאָז אָדער פון אײַזן. גיט אַ הייב אַ ייִדענע די הענט אַביסל העכער, לויפט די קויל אין דעם שלייער פון איר זײַט צו יענער וואָס אַקעגן. טוט באַלד אויך אַזאַ הייב מיט די הענטלעך יענע, קײַקלט זיך די

קויל אין שלייער צוריק צו דער ערשטער. אָט אַזוי לויפט די קויל אַהין-און-צוריק ביז דער שלייער ווערט גלאַט ווי אַ טאָק.

אָנצוקוקן בעשאַס-מײַסע די בײדע ווײַבער, ווי אַזוי ערנסט זיי שטייען זיך ווײַטלעך איינע אַקעגן דער אַנדערער, ווי אַזוי זיי הייבן די הענטלעך מיט אַ טרייסל די אַקסעלעך, אויספּוצנדיק די בײַכעלעך, פֿאַרלייגנדיק אין דער זײַט די קעפּעלעך; ווי אַזוי זיי קרימען זיך, פֿאַרדרייענדיק די נעזעלעך, וואַרפֿנדיק מיט די אייגעלעך און שיקן איבער פֿונדערווײַטנס איינע דער אַנדערער זיסע-גיפֿטיקע שמייכעלעך, גוטע ריידעלעך מיט שטעכעדיקע שפּילקעלעך — אָט דאָס אָנצוקוקן האָט מען, דאַכט זיך, שוין נישט באַדאַרפֿט מער קיין שענערס דערפֿון אין דער וועלט. אַ קאַפּאָרע טעאַטער, אונדזערע הײַנטיקע טעאַטערס!

אָט די דאָזיקע שלייערס פֿלעגן ווי די „אַסטראַכאַנקע", אויסאַרבעטן גויִשע ווײַבער אין דעם שטעטל, איטלעכער אויף זײַן וואַרשטאַט בײַ זיך אין דער היים, און ייִדן זענען געווען די אָפּנעמער פֿון דער סחורה, פֿאַר וועלכע מען האָט געצאָלט בעמעזומאָנים, אויך מיט טאַלקעס פּאָדעס. יעדער האָט שוין געהאַט זײַנע געוויסע ווײַבער, מיט וועלכע ער האָט געהאַנדלט. געווײנלעך האָבן דערמיט געהאַנדלט באַלעבעסלעך, נאָך קעסט-קינדער, אָדער ערשט אַראָפּ פֿון קעסט, בײַ וועלכע עס האָט זיך נאָך געפֿונען פֿונעם נאַדן אַ מעזומען גראָשן, רעב כאַיִמס אויסגעגעבענע קינדער האָבן אויך דערמיט געהאַנדלט און געצויגן די פּאַרנאָסע. די דאָזיקע סחורה פֿלעגט דערנאָך דורך גרעסערע סאָחרים, אויפֿקויפֿער, צעפֿירט ווערן אין אַלע ליטווישע שטעט, וווּ עס האָט געהאַט אַ גרויסן אָפּגאַנג. ק-ער שלייערס האָבן זיך גערימט אין דער וועלט. ס'איז געווען פֿאַרנאָסע אין דעם שטעטל, אַסאַך ייִדן האָבן דערפֿון געלעבט.

אָט אַזוי האָט זיך עס געצויגן יאָרנלאַנג פֿון טאַטעס צו קינדער — און פּלוצים נאָט אײַך אַ גזירע!

ס'איז אַרויס די גזירע פֿון די קליידער — ווײַבער זאָלן נישט טאָרן גאָלן די קעפּ, ייִדן זאָלן זיך אָנטון דײַטש!

אַז ייִדן ווערן דײַטשן, פֿאַרשטייט זיך, ווערן ייִדענעס דײַט־שקעס. עמעס אין שטעטל ק. איז נאָך מיט כעסעד. פייעס, שטרײַמל, פֿאַרשלייערטע געגאָלטע קעפּ דערווײַל נאָך ווי פֿריִער, אָבער ער־געץ אַנדערש אין דער וועלט איז פֿע!... ייִדן טוען אָן קאַשקעטן, ייִדענעס וואַרפֿן אַראָפּ פֿונעם קאָפּ דעם שלייער און נעמען אַרויף אויף זיך מינע שמאַטקעס — ליטווישע טשעפּטשיקעס אַזוינע. אויס שלייער, אויס האַנדל, אויס פּאַרנאָסע! דאָס שטעטל ק. איז ווי דערהאַרגעט. איטלעכער דערפֿילט דעם קלאַפּ. עס דערפֿילן אויך די וועבער, די שפּינער, די קליינע און גרויסע אויפֿקויפֿער. עס דערפֿילן אויך די שענקערס, וואָרעם אַז דער וועבער האָט נישט אויף ברויט, האָט ער נישט אויף טרינקען. און אַז די אַלע לײַדן מאַנגל, לײַדן, עס פֿאַרשטייט זיך, אויך די קרעמער, די באַלמעלאָכעס, דער גאַנצער קלענערער אוילעם. וועמען איז עס אין קאָפּ צו קויפֿן, עפּעס זיך צו מאַכן? עס קומען צו נײַע קאַבצאָנים, פּריש־צאַפּלדיקע עוויוינים, באַלעבעסלעך אָפּגעקומענע, באַפּאַלענע מיט קינדער, נעמען זיך צו מעלאַמדעס, באַטלאָנים, מעלאַמדים וואַקסן ווי קראָפּעווע. נישטאָ אָבער אַזוי פֿיל טאַלמידים, וויפֿל רעבעס. שלעכט! און אַז מענטשן איז שלעכט, ווערן זיי אַליין שלעכט — גריזשען זיך, קריגן זיך, איינער וויל אַרויסרײַסן דעם ביסן בײַם אַנדערן און זענען צווישן זיך קידער־ווידער, אויף מע־סער־שטעך. נישטאָ אין שטעטל די מענוכע, דער פֿרידן וואָס פֿריִער.

אויף רעב כאַיִמען האָט דער געפֿאַלענער האַנדל אויך זיך שלעכט אָפּגערופֿן. די אויסגעגעבענע קינדער זײַנע זענען געבליבן דערוואָרגענע, אָן פּאַרנאָסע. אַ שוואָגער זײַנער, וואָס האָט געהאַנדלט מיט טאַלקעס, האָט אָנגעזעצט און געמאַכט פּלייטע, איבערלאָזנדיק ווי אויפֿן וואַסער אַ ווײַב מיט אַ קליין קינד, און זיי זענען געפֿאַלן אויף רעב כאַיִמס קאָפּ. אים אַליין אין די געשעפֿטן איז אויך געגאַנגען שלים. אין דער טאַקסע פֿון פֿלייש, וואָס ער האָט די לעצטע צײַט געהאַלטן, האָט ער דערלייגט דעם קאָפּ. דער אוילעם האָט געגעסן ווייניק פֿלייש. אין שטוב איז נישט געווען פֿריילעך, דאָס הויזגעזינד צווישן זיך — גאָר נישט דאָס וואָס אַמאָל.

שלוימעלע הייבט אָן דערפילן צאָרעס. צו פאַרזוכן די ביטערקייט פונעם לעבן. אויס קינדערשע רויִקייט!

נאָר אַז ס'איז באַשערט אַן אומגליק, גייט עס פון אַלע זײַטן. פלוצים אין אַ שיינעם טאָג, זומער, די רעכטע צײַט פון סרייפעס אין יידישע שטעטלעך, איז געקומען אַ סרייפע, אַ הע־ליש פײַער אויפן שטעטל ק. מער ווי אַ העלפט הײַזער זענען אַוועק מיטן פײַער. ס'איז געוואָרן אַ טעל פון די הײַזער, אויף בערגלעך אַש האָבן אומעטום אַרויסגעשטעקט נאַקעטע, פאַררוי־כערטע קוימענס, ווי אויף אַ בעסוילעם די מאַצייוועס. מענטשן הונגע־ריקע, אָפּגעריסענע, דאַרע, בלייכע, עפּעס נאָר לעבעדיקע מיי־סים האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן. אַ טייל האָבן זיך גע־באַברעט, גענישטערט אין די הויפנס מיסט פון זייערע אָפּגע־ברענטע הײַזער, געזוכט, ווי מען זאָגט, פון אַ געפייגערט פערד די פּאַדקאָוועס, כאָטש וואָס איז, אַ זייכער פון זייער גוטס. און די סימכע פון איינעם אויף דער מעציִע, מישטיינסגעזאָגט, אַז ער האָט געפונען ערגעץ אונטער דעם אַש אַ טשוואָק, אַ טאָפּ, עטלעכע געבראָטענע קאַרטאָפל, האָט בײַם צוזען עס פונ־דערווײַטנס אויסגעריסן דאָס האַרץ נאָך פיל מער ווי דער צאַר פון יענע אומגליקלעכע, נעבעך, וואָס זענען געזעסן פאַרלייגט די הענט, וויסט, באַטריבט מיט אויסגעצויגענע בלייכע פּנעמער.

## 11. יידן ווערן ערדאַרבעטער

און ווי די כוואַליעס אין יאַם לאָזן זיך איינע נאָך די אַנדע־רע צאָרעס, פוראַניִעס אויפן שטעטל ק. נאָר יידעלעך אַליין טאַ־קע שלאַפּינקע, רירעוודיקע, קענען אָנבייגנדיק זיך ווי אַ טשע־רעטל, לאָזן איבערגיין איבער זיך אַזעלכע גרויסע כוואַליעס און צוריק אויפהייבן דעם קאָפּ!

איז אַרויס די גזירע אויף שלייער. אַוואַדע איז שלעכט, נאָר יידן ווערן צו אַלץ געוווינט. מיילע, וועט גאָט העלפן אָן שלייער אויך. וועט מען זיך אַביסל אַ קוועטש טון, אַביסל נישט דערעסן, אַביסל נישט דאָס, אַביסל נישט יענץ. נישקאָשע!...

קומט אויפֿן שטעטל אַ סרייפֿע — אוי, שלעכט, טאַקע זייער שלעכט. אַ צאָרע איז עס אַ גרויסע! נאָר וואָס זאָל מען טון? גאָט איז אַ טאַטע, און יִשׂראָעל זענען בני ראַכמאָנים. שרײַבט מען קסאַ-ווים, פֿאָרן אַרויס מעשולאָכים. מען האָפֿט, מען וואַרט — און וואָס? גאַרנישט! מעשולאָכים זענען אויך מענטשן מיט ווײַבער און קינדער. באַדאַרפֿן, נעבעך, פֿיל האָבן צום לעבן... טרעט צו דער קאַלטער, נאַסער אָסיען, גיט שטאַרק אָנצוהערעניש, אַז אין דרויסן קען מען נישט זיצן, קלײַבט מען זיך אַרײַן ווי ס'איז אין דירעס. ענגלעך אַביסל? מאַכט נישט אויס, אַבי אינײַנעם. כאַפּט זיך אַרײַן, נישט-דאַ-געדאַכט, עפּעס אַ מין כוילאַס אַזעל-כער, מען שטאַרבט! איז מען גויזער טאַניס — מען פֿאַסט! דער דאַלעס ווערט אַלץ שטאַרקער, די גויט גרעסער. נו, לאָזט מען זיך, ווער עס קען, אַוועק. גאָטס וועלט איז גרויס און וואָלין איז אַ פּעט ווינקל. מעלאַמדים זענען דאָרט סכוירע, מען קנעלט! איז דאָך, דאַכט זיך, גוט? קומט פּלוצים אָן גזייראַס-האַבלעטלעך, אַז מעלאַמדים טאָרן נישט קנעלן אָן אַ „שײַן”, אַ בלעטל הייסט עס. שלעכט! טוט מען וואָס מען באַדאַרף. העלפֿט גאָט — און מען קנעלט ווײַטער!

אָט אַזוי האָט דאָס שטעטל ק. נעבעך, געלעבט און אי-בערגעלעבט אַ שלעכטע, ביטערע צײַט!

ווי מיט דעם ווינט האָט זיך אין יענער צײַט פֿאַרטראָגן אין דעם שטעטל אַ נײַעס וועגן יידישע קאָלאָניעס — די רע-גירונג, הייסט עס, גיט יידן ערד צו באַזעצן זיך אויף איר און זי צו באַאַרבעטן. די דאָזיקע נײַעס האָט, ווי געוויינט-לעך, קײַקלענדיק זיך ווי אַ קנויל פֿון מויל צו מויל, אָנגע-נומען פֿאַרשידענע מעמרעס און לעסאָף זיך פֿאַרפּלאָנטערט אַזוי אַז ס'איז שווער געווען זי אויפֿצופּלאָנטערן. וואָס קאָלאָני-יעס, ווען קאָלאָניעס, ווו געבן ערד, ווי געבן, וועמען געבן? — אָט דרינען איז עס דאָס גאַנצע פּלאָנטעריש און די מיינונגען דעריבער זענען פֿאַרשידן. דאָס שטעטל איז דערמיט אויף. אומעטום, אין מאַרק, אין בעסמעדרעש, אויפֿן שולהויף שטייען רעדלעך מענטשן און מען רעדט, מען אַמפּערט זיך, שרײַענ-דיק, זידלענדיק זיך אויף אַ קאָל.

— איך בעט אײַך, רעב זעליג — טײַנעט כײַקל דער הינקעדיקער, וואָס איז שטאַרק פאַרברענט אין די קאָלאָניעס — זאָגט מיר, פילאָזאָף מײַנער, וואָס בע־קעט איר מיר, וואָס עט־עס איר מיר? וואָס זאָל אַזוינס אײַער בע־ עט באַדײַטן? אזא זאַך, וואָס פאַר ייִדן אַ גליק, איז מען מיט אַזאַ הקירעלע, מיט אַ קנייטשעלע נישט מעוואַטל!

— וואָס האָב איך מיט־דיר, כײַקל, צו טײַנען, אַז דו ביסט... האָב קיין פאַראיבל נישט — ענטפערט רעב זעליג מיט אַ קנייטשל, אַ שמעק געבנדיק טאַבאַק — אַז דו פאַרשטייסט נישט דעם טאַמציס, דעם טאַך, הייסט עס, פון אַ זאַך. מען גיט קאָלאָניעס! וואָס הייסט, מען גיט? נאַ, כײַקעלע, נאַ דיר און זײַ אַ פאַרעץ!

— אָט דאָס אייגענע טאַקע זאָג איך דאָך מײַן פײַוווש־קען — מישט זיך אַרײַן אין שמועס יאַנקל דעם מאַגידס — אַ פאַרעץ מייבסטו זײַן? אָ, ניין! עס שמעקט, מעכילע, מיט... מיט, מיט וואָס הייסט מען עס... וואָס מע טוט אַ פויער. נאָך מער. מע זאָגט טאַקע, אַז פאַר נישט גוט אַרבעטן, צי ווייס איך וואָס פאַר עפעס וואָס ס'איז, קומט אָפּגעבן פאַר אַ רעקרוט אָדער גאָר פאַרשיקן קיין קליין ערעץ־ייִסראָעל — סיביר, הייסט עס! פײַוווּשקע, זאָג איך, דו קנעלסט? קנעל טאַקע ווײַטער און רעד זיך נישט אײַן אַ קינד אין בויך! יאַנקעוו אָווינו איז נישט אייסעוו.

— ניין! — הערט זיך אַ קאָל פון צווייטן רעדל — אין די היגע גובערניעס פאַר קיין געלט נישט! בעסער אַהין, אין יעֶ־נעם ווינקל — אין יעקאַטערינאָסלאַוו, אין כערסאָן.

— יאָ, טאַקע אַהין. גאַנץ גוט. אָבער געלט, געלט, געלט? — לאָזט זיך הערן אַ קאָל.

— מע גיט געלט!... ס'איז דאָ געלט!... ס'וועט זײַן געלט!... שאַ, וואָס זאָגט רעב כאַיִה? רעב כאַים וואָס זאָגט?... לאָז מען מאַכן אַן אַסיפע, אַן אַסיפע! — שרײַען עטלעכע מיניאָנים העלדזער מיטאַמאָל.

אויף דער אַסיפע האָט זיך דערקלערט, אַז די מײַסע דער־פון איז אַזוי: פיל פון די טויזנטער ייִדן אין „ביעלאָרוסיאַ“, אַרויסגעטריבענע פון די דערפער, און פון אַזוי דאָרטיקע ייִדן

וואָס האָבן אין יאָר 1806 דערלאַנגט „פּראָשעניעס", אַז זיי ווילן באַאַרבעטן די ערד אין „נײַ־רוסלאַנד", האָט די רעגירונג באַזעצט דאָרט אויף איר ערד, אונטערשטיצנדיק זיי מיט געלט־מיטלען. באַלד טאַקע אין יאָר 1810 איז אַרויס אַן „אוקאַז", אַזוי ווי עס האָט זיך אויסגעלאָזט געלט דערויף בײַ דער רעגירונג, זאָל מען מער קיין ייִדן נישט שיקן אַהין אין די קאָלאָניעס. אין נײַן יאָר אַרום האָט מען ווידער צוגעלאָזט ייִדן צו באַזעצן זיך דאָרט, נאָר אויף זייערע אייגענע מיטלען דערצו. און אַ פּיר יאָר אַרום האָט מען ווײַטער קיין נײַע קאָלאָניסטן אַהין נישט צוגעלאָזט. און לויטן געזעץ פון 1835 יאָר, און די ווײַטערדיקע אין יאָר 1847 האָבן ייִדן געמעגט ווערן ערדאַרבעטער אויף קאַזיאָנע ערד, אין אַלע ערטער, ווו זיי מעגן וווינען. באַזונדערס האָט די רעגירונג זיי אָנגעוויזן יעקאַטערינאָסלאַווער און כערסאָנער גובערניעס. מיטלען אויף הויצאָעס און אונטערהאַלטן זיי האָט מען באַדאַרפט נעמען פון דער טאַקסע, פונעם „קעסטל" הייסט עס. — ווי באַלד אַזוי, פון קאָהעלס געלט, האָט זיך קאָהעל פאַרטראַכט, און ס'איז געבליבן — נאָך אַמאָל מאַכן אַן אַסיפע.

פון די אַסיפעס איז, ווי דער שטייגער איז, גאָרנישט אַרויסגעקומען. מען האָט באַדאַרפט געלט, און געלט איז נישטאָ! לוידײַ וואָס נישטאָ, איז נאָך אויף דער שטאָט דאָ כוויוועס פון נישט דערצאָלטע „פּאָדאַטקעס", מען מאָנט שטאַרק, מען שטעלט אַרײַן עקזעקוציעס. אויפן אוילעם רוקט זיך אָן אַ וואָלקן מאָרעשכוירע, קליין און גרויס זענען פאַראומערט און מען פרעגט, ווען וועט נעמען אַ סאָף צו די צאָרעס? ייִדן אין בעסמעדרעש אונטערן אויוון רעדן דאָרט צווישן זיך פון מעשיעכס צײַטן.

די „פּניי־האָיר" פאַרקלײַבן זיך אָפּט איינער צום אַנדערן, מעיאַשעוו זיך צו זײַן וועגן קלאַל־זאַכן. מען שמועסט, מען טראַכט אַהין־אַהער, און אויסלאָזן לאָזט זיך עס אויס טאָמיד, גאַנץ געוויינלעך, מיט אַ קרעכץ: העלף דײַן פאָלק ייִסראָעל, גאָטעניו, עס שטייט שמאָל, טע־טע־טע, מיט דײַנע ייִדעלעך!

ס'איז אַ ווינטער־אָוונט. אין דרויסן אַ ברענענדיקער פראָסט,

אַ שײַנענדיקע לעוואָנט, העל־ליכטיק כאָטש, ווי מען זאָגט, פּערל צוקלײַבן. אויף דער גאַס שעמערירן טאַקע פּערל, נאָר ניטע! דאָס זענען אויסגעשאָטענע דאָ אין דעם זילבער־ווײַסן שניי פון די פינקלדיקע שטערן. ס'איז שיין, ס'פּאַרנעמט די אויגן, אַ פאַרגעניגן צו שפּאַצירן, נאָר נישט פאַר ק.ער יידן, נעבעך, אַזוינס געזאָגט געוואָרן — אויף דער גאַס איז שטיל. מען זעט דאָרט נישט קיין לעבעדיקן מענטשן! וואָרעם, ליכטיק איז בײַ רעב כאַיִמען אין שטוב. אויפן „לוטשניק" ברענט אַ פרייליכע פײַערל. אין דער זײַט, בײַם וואַרעמען קאַפּל־אויוון זיצט אַרום טיש רעב כאַיִם מיט עטלעכע אָנגעזעענע מענטשן אין שטעטל, און מען האַלט אין אַ טיפן שמועס וועגן וויכטיקע איניאָנים פון שטעטל.

עס עפנט זיך מיכאַמאָל אויף די טיר וואָס צו דער גאַס־צו, אַ קאַלטער שטראָם רײַסט זיך אַרײַן פון דרויסן און ציט זיך אַ ווײַלע ווי אַ טונקל־העלער זײַל פּאַרע איבער דער שטוב. עס לאָזן זיך הערן שווערע טריט מיט אַ סקריפּ און פונעם זײַל פּאַרע ווײַזט זיך אַרויס אַ געשטאַלט פון אַ מענטשן.

— אַ, ליפּע! — שרײַען אויס אַלע מיט איין קאָל — שאָ־לעם אַלייכעם, ליפּע!

ליפּע איז פון באַלעבאַטישן שטאַנד, אַלט אַ יאָר עטלעכע און דרײַסיק, איז דורכגעטריבן קלוג, אַ ווערטל־זאָגער, אַ באַהאַרצ־טער טאָמיד פרייליכער, אַפילע נישט אין די גוטע אומשטענדן, ווי עס גיט זיך אַמאָל אויס אַ פרייליכער אָרעמאַן, און איז באַליבט בײַ איטלעכן אין שטעטל. אַז ס'איז אַרויס דער קלאַנג וועגן יידישע קאָלאָניעס, האָט זיך ליפּע נישט אַרײַנגעלאָזט, ווי אַנדערע, אין טיפע כקירעס. ער איז נישט פויל געווען אויפן גאַנג און זיך גע־לאָזט באַלד טאַקע גיין אין דער אויעזדנער שטאָט, פון דאָרט אין דער גובערנסקער, צו דערגיין זיך וועגן דעם אַלצדינג ריכטיק און וואָס מען האָט צו טון.

ליפּע פּאַרטיקט זיך אָפּ גיך מיט איטלעכן פונעם „שאָלעם אַלייכעם", מאַכט עס בעקיצער, צענעמט דאָס טולופּל, טרייסלט אָפּ פונעם בערדל פאַרפרוירענע שטיקלעך אײַז, שטעלט זיך דער־נאָך נאָענט צום לוטשניק, וואַרעמענדיק די הענט אַקעגן דעם פײַערל דער אוילעם באַטראַכט אים פרײַנדלעך, און פּלוצים שיסן אַלע

אויס אין אַ געלעכטער, טײַטנדיק מיט די פינגער אים אויף די פיס:

— וואָס איז דאָס אַזויגס, ליפּע?

— לאַפּטיעס! — ענטפערט ליפּע גאַנץ קורץ, מאַכנדיק דערבײַ אַן ערנסטע מינע.

— צו פּורים איז נאָך ווײַט, און די, לעץ אײנער, מאַכסט שוין די שפּיל. פאַרשטעלסט זיך באַצײַטנס — זאָגן אַלע נישט אויפהערנדיק צו לאַכן.

און בעעמעס איז טאַקע געווען פון וואָס צו לאַכן. לאַפּטיעס, שיך אַזעלכע, געפלאָכטענע פון אַ ווייכער קאָרע, מיט לאַנגע שניר-לעך, וואָס דרייען זיך ווי רעציִעס אַרום לײַוונטענע שמאַטעס אויף די פיס ביז די קני — דאָס טראָגן אין ליטע פויערן, פון גראָבן אוילעם. אַ ייִדן, דעם גרעסטן אָרעמאַן אַפילע, קומט גאָר אויפן געדאַנק נישט אָנטון לאַפּטיעס, פונקט נישט ווי עסן כאַזער. ער וועט גיין בעסער מיט אויסגעטרעטענע פּיאַטעס, אָדער באָרוועס ווינטער אין דעם גרעסטן פראָסט, איידער אײַנוויקלען מיט „פּאַס-טעלעס“ די פיס און דערויף אָנטון לאַפּטיעס. אַ ייִד אין פּאַסטע-לעס איז גאָרנישט געמאָלט, סײַדן עפּשער פּורים. עפּעס אַ שלאַק אַ פּורים-שפּילער, אָדער אַ באַדכן, אַ לעץ אַמאָל אויף כאַסענעס.

— איך פאַרשטעל מיך גאָרנישט פאַר אַ פויער, ווי איר זאָגט, — מאַכט ליפּע מיט אַ קלוג שמייכעלע — איך בין עס הײַנט טאַקע בעעמעס. ביכדיי צו פאַרשפּאָרן איטלעכן באַזונדער אין שטעטל עס צו וויסן געבן, מיט איטלעכן באַזונדער אײַנצוטײַנען, נעם איך און טו אָן לאַפּטיעס. נאַט, זעט, הייסט עס, ווייסט אַליין וואָס איך בין און לאָזט מיך צורו.

— אַזוי, ליפּע! — רופן זיך אָן אַלע — דו ביסט אַ קאָלאָ-ניסט? דערצייל-זשע אונדז אַלצדינג אַקוראַט, לאָמיר וויסן.

ליפּע האָט קלאָר געמאַכט דאָ דעם אוילעם מיט דעם גאַנצן איניען פון די קאָלאָניעס און די אַלע זאַכן, וואָס ווערן געפּאָדערט דערצו, קורץ און שאַרף אויף זײַן שטייגער. ער האָט אויך דער-ציילט, וואָס מיט אים האָט זיך פּאַסירט, די מי, וואָס ער האָט געהאַט ביז ער האָט זיך צוגעשלאָגן צו אַ קאָמפּאַניע מענטשן, וואָס מיט זיי אײנייגעם וועט ער זיך באַזעצן אויף אַ קאָלאָניע

אין כערסאָנער גובערניע. אויף איטלעכעס געזינד פֿון זעקס פֿאַר־שריבענע נעפֿאַשעס רעכנט זיך צו געבן פֿערציק דעסיאַטינעס ערד.

— און די ערד באַארבעטן וועט ווער? — רופֿט זיך אָן איינער פֿון אוילעס — דו מיינסט, ליפֿע, אַז דו ביסט אַהיין אין לאַפּטיעס, ביסטו שוין אַ פּויער און טויגסט צו דער אַר־בעט? מע באַדאַרף דערצו אַ רעגילעס.

— זאָרגט זיך נישט! רש״י (ראַשע) האָט שוין באַוואָרנט— מאַכט ליפֿע מיט אַ שמייכעלע — אין די יידישע קאָלאָניעס פֿירט איין די רעגירונג „שולצן״ (סטאַראָסטעס) פֿון דײַטשן, פֿון וועלכע מען וועט זיך לערנען די אַרבעט.

— יאָ, רעכט, אַלץ רעכט — רופֿט זיך אָן נאָך איי־נער — אָבער געלט, אויף דער ערשטער צײַט געלט! פֿון דער טאַקסע? 170 רובל אויף אַ קאָלאָניסט, ווי מען זאָגט, פֿון דער טאַקסע? שווערלעך! קאָהעל איז אָרעם און די היצטאַרכעס זע־נען גרויס. מען באַדאַרף אויף דאָס, אויף יענץ אויף דאָס און...

— שאַ, באַרויקט זיך! — שלאָגט ליפֿע איבער יענעם די רייד — אַביסל געלט האָב איך פֿון פֿריער, אַביסל האָב איך דאָרט געכאַפּט פֿון שאַדכאָנעס: אין איין וועג טאַקע האָב איך אויסגעפֿירט אַ שידעך. הײַנט רעכן איך, פֿון מיין באַלע־באַטישקייט, וואָס איך וועל דאָ פֿאַרקויפֿן, וועט מיר עפּעס אויך אַרײַנפֿאַלן. עפּשער וועט מיר פֿעלן אַ קלייניקייט, פֿאַר־האָף איך, מען וועט מיר דאָ בײַהילפֿיק זײַן. וואָס זאָגט איר, רעב כאַים?

— איך זאָג, דו ביסט אַ מענטש, ליפֿע! האָלעווײַ ווי דו, מיט ליבשאַפֿט צו ערדאַרבעט, מיט מוט, מיט אייגענע קרעפֿטן, אַ סאַך אַזעלכע ביי אונדז יידן!

סאָרע דערלאַנגט צום טיש קיבעד — גריוון מיט אייער־בייגל, צו וועלכע מען באַדאַרף זיך גישט וואַשן, און לאָזט בעטן זייער שיין דעם אוילעס בראָכע מאַכן.

— אַז גאָט וועט געבן — ווענדט זיך ליפֿע צו סאָרען — וועל איך אײַך, סאָרע, שיקן פֿון דער קאָלאָניע אַ מאַסאָנע גוטע

געגדזעלעך. דאָרט איז ווי מען זינגט הײַנט אומעטום אין דעם לידל:

פון אַלעם גוטן, ברויט נישט טײַער,
אַ פּייעם אַ ציג, אַ הון אַ דרײַער.

## 12. רעב כאַיִם ווערט אַ יוירעד

יענער ווינטער, פון וועלכן דאָ איז געגאַנגען דער שמועס, איז געווען זייער אַ שווערער פאַר רעב כאַיִמען. דאָס האָט מען אים אָנגעזען גלײַך אין פּאָנעם. רעב כאַיִם איז טאָמיד געווען אַן ערנסטער מענטש, אַ פאַרטראַכטער, אָפּגעזונדערט מיינסטנס פאַר זיך, זעלטן מיט עמעצן אין דער היים גערעדט אַ וואָרט. איטלעכער האָט געהאַט דערעכערעך פאַר זײַנס אַ קוק. וואָס פּאַראַ ראַש עס האָט זיך געמעגט זײַן אַמאָל צווישן די קינדער אין שטוב, נאָר קוים האָט ער זיך געוויזן אין טיר, איז געוואָרן שטיל, מען האָט פון קיינעם נישט געהערט קיין פּיפּס. דאָס איז אָבער נישט געווען דערפאַר, ווײַל ער האָט, ווי אַנדערע בייזע טאַטעס, געהאַלטן איטלעכן פונעם הויזגעזינד אין דער מוירע, מען זאָל וויסן ווער עלטער איז, כאָלילע! ערנסט איז אים דאָס פּאָנעם טאַקע געווען, אָבער בייז קימאַט קיינמאָל נישט. די קנייטשן אויף דעם הויכן, שיינעם שטערן זײַנעם האָבן באַוויזן, אַז ער טראַכט. ער איז פאַרטיפט אין די געדאַנקען. די אויגן זײַנע בליצן — ווײַל ער האָט אַ פײַערדיקן קאָפּ, נישט אויסן כאָלילע יענעם מיטן בליק צו פאַרברענען. אַדעראַבע, ער איז אין האַרצן צו גוט, עס קרענקט אים די שטילקייט, וואָס ווערט בײַ זײַן געפינען זיך אין שטוב, עס רײַסט אים דאָס האַרץ, אַז עמעצן פונעם הויזגעזינד טוט עפּעס וויי, עס טריפט אים דאָס בלוט, ווען עמעצן גייט עפּעס אָפּ. פירן דאָס הויז האָט געפירט אינגאַנצן דאָס ווײַב. רעב כאַיִם האָט נאָר געגעבן אויף וואָס מען באַדאַרף און ווײַטער האָט ער נישט געוואָלט וויסן פון קיין זאַך. ער האָט מער נישט געוווסט ווי זײַנע געשעפטן, שטאָטישע זאַכן און לערנען אין באַשטימטע צײַטן. אָט דאָס האָבן אַלע אין הויזגעזינד

געוווסט, אים זייער געשעצט, געליבט, פאַר זײַן כאָכמע מיט אים געשטאָלצירט, און געהאַט פאַר אים גרויס דערעכערעך.

נאָר אין יענעם ווינטער האָט רעב כאַיִם זיך שטאַרק פאַרענדערט. אָנשטאָט רויִקער פאַרטראַכטקייט איז אים אויפן פּאָ־נעם געלעגן אויסגעדריקט קאַס, פאַרדראָס, און בײַם גיין, ווי דער שטייגער זײַנער, הין־און־הער איבער דער שטוב, פאַרלייגנ־דיק אַהינטער די הענט, פלעגט ער זיך אָפט אָפּשטעלן, פאַרבײַסן אַ ליפּ, קוקן אין דער וועלט אַרײַן בייז, אויסשטשירענדיק אַן אויג, און צופּן דאָס בערדל, אין וועלכן עס האָבן זיך פּלוצים געוויזן גרויע האָר. ער איז געעלטערט געוואָרן פאַר־דער צײַט. אינגאַנצן איז ער אַלט געווען אַ יאָר צוויי, דרײַ און פערציק.

געעלטערט האָט אים די טאַקסע. זינט דאָס שטעטל איז פאַראָרעמט געוואָרן, האָט די טאַקסע אָנגעהויבן צו גיין־שלעכט. דער אוילעם האָט געגעסן ווייניקער פליישׁ. שפּעטער ווײַזט זיך אַרויס, אַז רעב כאַיִם צאָלט שוין נישט קיין ראַטע, האָט פאַרלוירן דעם „זאַלאָג", דערצו נאָך פאַרנומען פרעמד געלט אויך — און סאָנים, אַזעס־פּנעמער האָבן שוין געעפנט אַ מויל, געשריגן טאַקע הויך אויף אַ קאָל.

רעב כאַיִם מיט זײַן שאַרפן קאָפּ וואָלט זיך נאָך נישט מעיאָעש געווען, געזוכט וועגן, אַהין־אַהער, ווי זיך אַרויסצו־דרייען, איבערהאַלטן זיך די שלעכטע צײַט. און זייער מעג־לעך, עס וואָלט אים געראָטן. אַ כאָכעם איז ער בעעמעס טאַ־קע געווען, באַרימט ווײַט אַרום און אַרום. ס'האָבן אים גע־קענט אַפילע די אַרומיקע פּריצים; נאָר ווי קלוג, אַזוי שטאָלץ איז ער געווען און ער האָט נישט געקענט איבערטראָגן לײַ־טישע רייד. סטייטש, מענטשלעך אַזעלכע, וואָס פלעגן ציטערן פאַר זײַן בליק, ניט די זכיִע האָבן מיט אים צו רעדן אַ וואָרט, זאָלן האָזע האָבן עפּענען פאַר אים אַ מויל! ניין, ס'איז אוממעגלעך אַזוינס אויסצוהאַלטן. ער האָט זיך שטאַרק פאַרעסן, איז אַראָפּ פון פּאָנעם, פאַרלוירן דאָס געזונט און איניינעם דערמיט דעם קוראַזש.

רעב כאַיִם איז פאַר יעסורים שטאַרק פונעם פּאָנעם אַראָפּ. קוקנדיק אויף אים איז איטלעכן פונעם הויזגעזינד פאַרשטערט

געוועזן דאָס לעבן. מען האָט געפּילט, אַז דאָס אייניציקע אָנ־האַלטעניש זייערס ווערט שוואַך, נאָך עטלעכע כוואַליעס פון צאָרעס־אַ־יאָם, פאַלט עס אום — און זיי אַלע פאַלן אין אַ טיפן אָפּגרונט אַריַין!

זייער אַ שווערער, נישט קיין פריילעכער איז יענער ווינטער געוועזן!

פורים ביַינאַכט צו דער סודע איז רעב כאַיִם איניינעם מיט דעם הויזגעזינד געזעסן ביַים טיש. ער האָט זיך גע־שטאַרקט, געמאַכט האַרץ, וויַיזן אַ פריילעכע מינע, מעקיַיעם זיַין אַלצדינג ווי דער שטייגער זיַינער איז געווען אַלע יאָר. לעבן אים ליגט אַ ביַיטל מינץ אויף צו געבן נעדאָוועס. עס קומען אַריַין אָרעמעליַיט, רעב כאַיִם גיט מיט אַ פריַינדלעך פּאָנעם, זאָגנדיק זיי אַ גוט וואָרט. עס קומען באַלעבאַטישע קינדער מיט פּאַטשיילעס, וואָס זאַמלען פאַר אַנדערע—די בעסאַד פאַר אַ געפאַלענער פאַמי־ליע, נעבעך, וואָס ליַידט שטילערהייט, און יענע פאַר אַ ליַיטישן, שיינעם קאַבצן, פאַר אַ וויסטער אַלמאָנע מיט ברעקלעך יעסוי־מים, נעבעך, — און רעב כאַיִם גיט און איז מעכאַבעד מיט עפּעס פורים־מדיקס. עס קומען אויך קליי־קוידעש, שאַמאָסים, קלעזמער, בויד־יונגען, פורים־שפּילער, אַלעמען נעמט רעב כאַיִם אויף מיט אַ „באָרעך־האַבאָ", מיט אַ קויסע און גיט.

אַלצדינג. דאַכט זיך, ווי אַלע יאָר, און פאָרט נישט אַזוי. די אייגענע אָרעמעליַיט טאַקע, אָבער די נעדאָוועס נישט די וואָס פריִער. פון פיל געסט, וואָס פלעגט טאָמיד צונויפקומען זיך צו דער סודע, זיך וויל־טון, פאַרברענגען פריילעך די נאַכט, זענען היַינט דאָ נאָר עפּעס עטלעכע אָרעמע קרויווים. רעב כאַיִם זינגט „שושאַנאַס־יאַנקעוו", די קינדערלעך העלפן אונטער, אָבער ס'איז נישט דאָס קאָל וואָס אַמאָל. אין רעם זינגען זיַינעם הערט זיך עפּעס ווי אַ געוויין פון אַ צעקאָכטער, ליַידנדער נעשאָמע. דער „שושאַנאַס יאַנקעוו" איז ווי אַן אָפּ־געריסענע רויז: דאַכט זיך, זי איז שיין, די פאַרב שטייט איר אין פּאָנעם, אָבער נישטאָ אינעווייניק דער זאַפט, דאָס לעבן, קוים נאָר וואָס זי זשיפּעט. רעב כאַיִם טוט זיך אָן קויעך, צעהיצט זיך, ווענדט זיך צו די אָרעמינקע קרויווים מיט אַ

טרייסט — נישקאָשע, יידן! מע באַדאַרף האָפן, נישט זײַן בײַ זיך אַראָפּגעפאַלן. אַז ווייל איז דעם, זאָגט ער, וואָס האָט אויף גאָט אַ ביטאָכן, לאָז ער זיך זאָרגן! — דאָס איז אָבער געמעלאָ־כעט. די זאָרג ליגט רעב כאַימען אײַנגעגעסן ווי אַ פּיאַווקע טיף אין האַרץ. ווייטיק און יעסורים קוקן אים אַרויס פון די באַטריבטע אויגן.

סאָרע באַמערקט עס זייער גוט און עס כאַפּט זי אָן בײַם האַרצן. זי גייט אַוועק אין אַ ווינקעלע, קלוימערשט באַדאַרף זי דאָרט עפּעס האָבן, לייגט אַרויף די הענט אויפן פּאָנעם און ווײנט שטילערהייט.

לייע פילט אויך דאָס אייגענע וואָס סאָרע, פאַרשטייט דער מאַמעס אַוועקגיין אין אַ ווינקל, נאָר זי האַלט אויס כאַראַקטער, זיצט בײַם טיש, קוקט מיט ראַכמאָנעס אויף די קינדער און רוקט אַרײַן איטלעכן אין הענטל עפּעס אַ צוקער־געבעקסל—זאָלן זיי, נעבעך, עסן. דערפאַר בײַנאַכט אויף איר געלעגער איז פײַכט געוואָרן דאָס קישן פון אירע טרערן.

## 13. שלוימעלע — אַ יאָסעם

ס'איז אַ טאָג אַכט נאָך פּורים. די זון קוקט פרײַנדלעכער, מילדער אַראָפּ פון הימל, שיקט דורך אירע שטראַלן און דורך אַ געלינד ווינטל די ערשטע האָסראָע דעם ווינטער, אַז עס ענדיקט זיך אים דער טערמין פון דער דירע דאָ, אויף דער ערד, ער זאָל מוכל זײַן זיך אַרויסקלײַבן, זיך רוקן ווײַטער. און ער טוט דאָס אייגענע טאַקע וואָס אַ שלעכטער, אײַנגעשפּאַרטער שאָכן — בער־יעט זיך, מאַכט פּוילע טנועס. בײַטאָג, דער זון אין די אויגן, געזעגנט ער זיך, פאַרגיסנדיק ריקעס טרערן — טײַכלעך וואַסער רינען אויף די גאַסן. איך גיי, גיי, הייסט עס, לאָזט מיך נאָר צײַך פּאַקן, פאַרנעמען מײַנע בעבעכעס, דעם שניי מײַנעם, „פאַר־שוואַרצט" איז ער, נעבעך, געוואָרן! קוים אָבער מאַכט די זון צו אַן אויג, גייט פאַרנאַכט אין איר רו אַרײַן, שטעלט ער מיט אַ פאַרכמורעט, בייז פּאָנעם איר אַרויס פּײַגן — סוסולקעס פאַר־

גליוועוויטשע און בלײַבט בײַ זײַנעם טאַקע, אײַז-קאַלט ווי פריִער. נאָר אַז אָך-און-וויי איז צו אים! ער איז שוין פאַרבײַ, מען איז אים שוין מעוואַטל — בײַ ייִדן איז שוין פאַר פייסעך, די צײַט פון עפענען טיר און טויער, אַרויסטראָגן אויף דער גאַס טיש און בענק, שײַערן, וואַשן און קאַשערן אַלצדינג אויף פייסעך!

אין שטעטל ק. קאָכט זיך, טאַראַראַמט זיך אַ שרעק, אַלע דאַבן צו טון מיט דעם ליבן פייסעך. ייִדישע קינדער, ווײַבער און מאַנצבילן לויפן אַרום אויף דעם מאַרק צווישן פירלעך מיט ווייך, קאַרטאָפל, אייער און שאַר יעראָקעס, וואָס אייסעוו פון די דערפער ברענגט אַרײַן אין שטאָט יאַנקעוון אונטער אַ יאָנטעוו. אין דער מיל הינטער דער שטאָט, פאַררוקט צווישן סאָסנאָווע וועלדער, זענען שוין געקאַשערט די שטיינער- און ייִדן פונעם שטעטל פירן אַהין זעקלעך ווייץ, צעמאָלן עס אויף מאַצע, אָפּ-היטנדיק דערבײַ איטלעכער זײַן „אָטשערעדע“. די פאַבריקן אויף מאַצע-באַקן שטייען שוין גרייט מיט קנעטערינס, גיסערס, וועל-גערינס, רעדלערס, זעצערס און טרעגערס מיט גרויסע קוישן-אומעטום, אויף דעם מאַרק, אין די הײַזער פילט זיך דער פיי-סעך, און פון די כאַדאָרים לאָזן זיך הערן קינדערשע קוילעכלעך, לערנענדיק „שיר-השירים“ אויף דעם גוטן ניגן, פון וועלכן דעם ייִדס האַרץ ווערט צעשמאָלצן פון מעסיקעס.

בײַ רעב כאַיִמען אין שטוב, וואָס אין דער צײַט פלעגט זיך אַמאָל דאָרט קאָכן מער ווי אומעטום, איז הײַנט טרויעריק וויסט, נישטאָ קיין סימען אַפילע פון ערעוו יאָנטעוו. רעב כאַיִם ליגט אין אָנטון בײַ זיך אין צימער אויפן בעטל, אונטערגעלייגט ביידע הענט צוקאָפּנס, קוקט שטאַרק צעטראָגן, אָטעמט שווער און איז בלייך ווי די וואַנט. סאָרע זיצט אין שטוב פאַרלייגט די הענט, שטאַרק דערשלאָגן, מיט אויגן ווי די באַנקעס פון טרערן. און זאָל עמעצער פון די קינדער טון אַ פּיפּס, מאַכט זי ווינקענ-דיק צו אים: שאַ! דער טאַטע איז נישט געזונט, זאָל זײַן שטיל! די קינדער גייען אויף די שפּיץ-פינגער, פאַרשלאָגן זיך איטלע-כער אין אַ ווינקעלע, און קוקן שווײַגנדיק, שטאַרק נעבעך באַ-טריבט. איין לייע דרייט זיך ווי אַ נעכטיקע אַרום, פאַרנומען עפּעס מיט דעם באַלעבאַטישקייט. זי איז פינצטער ווי ערד און

קערט אַוועק דאָס פּאָנעם, אויף קיינעם אין שטוב קיין קוק נישט צו טון.

די טיר אין שטוב גלײַך פון דער גאַס עפנט זיך ראַשיק אויף און עס קומט מיט ברייטקייט אַרײַן אַ פּאַרעץ, אַ הויכער, אַ געזונטער, פון אַ שיין אויסזען, מיט אַ פּאָר וואָנסעס, דין צו־געשפּיצט בײַ די עקן. צוויי לאָקייען טראָגן אים נאָך פון הינטן — איינער עפּעס אַ קליין פּעקעלע, דער אַנדערער אַ ליולקע־ציבעק, אַ לאַנגע אַנטיפּקע מיט אַ מונדשטוק פון ברוסטין. דער פּאַרעץ וואַרפט אַ אויג אויף יעדן אין שטוב גלײַך בײַם אַרײַנגאַנג און בלײַבט שטיין אַ ווײַלע אָן ווערטער, אָננעמענדיק אַ מאַרעשכוי־רעדיק־ערנסט פּאָנעם.

— אַ, וויעלמאָזשני פּאַן! — טוט זיך סאָרע אַ כאַפּ פונעם אָרט און גייט דעם פּאַרעץ אַקעגן.

— פּאַני ראַבינאָוואַ! — שרײַט אויס דער פּאַרעץ, שטאַרק געריִרט, דערזעענדיק אין סאָרעס אויגן טרערן — וואָס האָט זיך אַזוינס געטראָפן?

סאָרע בליִבט און קען נישט אַרויסברענגען קיין וואָרט פונעם מויל, אַזוי האָט עס זי פאַרקלעמט בײַם האַרצן. דער פּאַ־רעץ לאָזט זי צורו, גיט איר צײַט צו זיך צו קומען, זעצט זיך בײַם גרויסן געפּאַרבטן שטוב־טיש, דרייט, דרייט די שפּיצן וואָנ־סעס און פּײַכטלעך מיט אַ גלאַנץ ווערן אים די אויגן.

— היי, אַנטאָסיאַ, ליולקי!

ווי פּײַל אויסן בויגן טוען זיך געשווינד אַ לאָז צו אים ביידע לאָקײַען. איינער מיט דער לאַנגער אַנטיפּקע און פול אָנ־געשטאָפּטער ליולקע, דער אַנדערער מיט זײַן פײַער־געצײַג: אַ שטיקל שטאָל, אַ קרעמיען מיט גובקע אַ שטיקל, שלאָגט אויס פײַער און צינדט אונטער דעם טאַבאַק אין דער ליולקע. דער פּאַרעץ רייכערט און הייסט די לאָקײַען אַרויסגיין.

יאַן, דער וואַ—טשיצער פּאַרעץ, האָט געשטאַמט פון אַ פּויליש־שער איידעלער פאַמיליע, צו וועלכער עס האָבן געהערט דער־פער אַרום דעם שטעטל ק., וואָס זענען פאַרטיילט געוואָרן צווישן

עטלעכע ברידער. בעשאַס זייערס אַ כאַגע, אָדער אַמאָל אויך אַ זונטיק, פלעגט יאַן מיט דער פּאָמפּע אין א קאַרעטע „נאַשפּיק״ אַרײַנפאָרן אין שטעטל, ווי אַנדערע פּריצים פון דער סוויחע, גלײַך צום קלויסטער, וואָס אַקעגן דער שורע הײַזער בײַם עק מאַרק, נישט ווײַט פונעם „אַראָפּבאַרג״ דאָרט. נאָכן אָפּפּאַרטיקן זיך אין קלויסטער איז דער שטייגער זײַנער געווען צוצוגיין צופוס צו רעב כאַיִמס הויז, אַקעגן, ווו ער פלעגט פאַרבלײַבן אַ פּאָר שאָ, אויף אָפּצוטון זײַנע געשעפטן מיט באַלעמעלאָכעס, קרעמערס אוכדוימע, וואָס פלעגן קומען אַהין צו אים. רעב כאַיִם איז בײַ אים געווען שטאַרק כאָשעוו. ער האָט אים זייער געשעצט פאַר זײַן קלוגקייט, זײַן אָרנטלעכקייט, און ליב געהאַט ווי אַ געטרײַען פרײַנד. איז אים אויסגעקומען אַמאָל שווערלעך אין עפּעס אַ זאַך, האָט ער זיך געראָטן מיט רעב כאַיִמען. האָט ער געהאַט מיט עמעצן עפּעס אַ סיכסעך, איז בײַ אים געווען איין וואָרט: „ראָ ראַבינאַ!״ – אַזוי האָט רעב כאַיִם בײַ אים געהייסן. רעב כאַיִם איז געווען דער פאַרמיטלער. אויף אים האָט ער זיך אינגאַנצן פאַרלאָזן, וויסנדיק זייער גוט, אַז רעב כאַיִם וועט פונעם יוי-שער נישט אוועק אויף אַ האָר. און גאָר כוּך די אַלע זאַכן, האָט ער גלאַט אַזוי ליב געהאַט צו פאַרברענגען אין אַ שמועס מיט רעב כאַיִמען. פוילישׂ האָט רעב כאַיִם גערעדט, אויך געשריבן נישקאָשעדיק. ער פלעגט אַמאָל דערציילן דעם פּאָרעץ גלײַכווערטלעך, מעשאָלים, שיינע אַגאַדטעס פון טאַלמוד, פון וועלכע יאַן פלעגט האַנאָע האָבן, זיי לויבן אין טאָג אַרײַן. איז רעב כאַיִם אַמאָל באַשעפּטיקט געווען בײַ זיך מיט מענטשן, האָט יאַן אים נישט געשטערט, געטרייבערט די ליולקע, ויצנדיק גאַנץ היימיש אין שטוב, און איבערגעוואַרט ביז רעב כאַיִם וועט זיך אָפּפּאַרטיקן. וואָס מען וויל, מעגן זיך אַנדערע איבער פוילישער פרײַנדשאַפט מיט יידן זאָגן, נאָר דער פאַקט, אַז יאַן איז בעעמעס געווען רעב כאַיִמס אַ פרײַנד, בלײַבט אַ פאַקט, דאָס האָט זיך בײַ פיל געלעגנהייטן דערוויזן טאָמיד, אויך הײַנטיקס מאָל אין זײַן מאָרעשכוירעדיק פּאָנעם, אין זײַנע פײַכטע אויגן, בעשאַס סאָרע האָט אים איבערגעגעבן די שלעכטע לאַגע זייערע און אַז דער מאַן איז פאַר קרענקונג נישטא צוגעזונט.

— קען איך אים זען אַצינד אויף אַ ווײַלע? — פרעגט יאַן.

— אַט וועל איך גיין אַ קוק טון — ענטפערט סאָרע — און אויב ער שלאָפט נישט, וועל איך אים זאָגן.

עס האָט נישט געדויערט קיין רעגע, האָט סאָרע געבעטן דעם פּאָרעץ צום מאַן אין צימער אַרײַן.

— צאָ טאַקעגאָ, פּאַן רעבע?! — מאַכט יאַן, אָפּשטעלנדיק זיך אַ ווײַלע בײַם אַרײַנקומען נישט ווײַט פון דער טיר, און שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, ווי פאַרוווּנדערט, מיט אַ שמייכעלע קלױ־מערשט — עפּעס איז פּאַן ראַבין גאָר צעטראָגן, האָט פאַרלוירן דעם קוראַזש. וווּ איז זײַן פעסטער כאַראַקטער? וווּ איז זײַן כאָכמע?

— עס זענען דאָ צײַטן, וואָס ס'העלפט נישט דעם מענטשנס כאָכמע — ענטפערט רעב כאַיִם מיט אַ שמייכעלע, וואָס ער האָט עס געמאַכט מיט געוואַלד.

— ס'איז דאָך אָבער דאָ אַ גאָט, וואָס קען העלפן טאָמיד, אין אַלע צײַטן; באַדאַרף איך דעם פּאַן ראַבין זאָגן אַזוינס, וואָס ער ווייסט בעסער פון מיר? — מאַכט יאַן, זעצנדיק זיך רעב כאַיִמען אַקעגן. — איך ווייס — שלעכטע אומשטענדן. אָבער אַזאַ מענטש מיט קאָפּ קען נישט ווערן פאַרלוירן. עפּעס אַ סאַך האָבן ייִדן אַזעלכע ווי פּאַן ראַבין?

אַקעגן אַ פערטל שאָ האָט יאַן פאַרבראַכט בײַ רעב כאַ־יִמען. דערנאָך האָט ער זיך געזעגנט און מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ זיך געלאָזט צו זײַן קאַרעטע, לעבן קלויסטער.

אויף מאָרגן פאַרנאַכט איז צוגעפאָרן צו רעב כאַיִמס הויז אַ וואָגן און צוויי לאָקייען האָבן אַרײַנגעטראָגן אין שטוב זעקלעך ווייץ, קאַרטאָפל, אויך הינער און אַ פּאָר אינדיקעס.

רעב כאַיִם האָט געצאַנקט ווי אַ ליכט. עס האָבן זיך אים אויסגעלאָזט די קויכעס ביז ער איז געבליבן ליגן שלאָף ווי אַ קינד, נישט קענענדיק רירן זיך פונעם אָרט. אַלע אין דעם הויזגעזינד זענען געוואָרן פינצטער ווי די ערד. מען האָט

נישט געגעסן, געטרונקען, נישט גערוט, נישט געשלאָפֿן די גאַנצע נעכט. קרויווים און גוטע באַקאַנטע זענען געקומען, איטלעכער מיט זיינע טרייסטווערטער, מיט זײַנע רעפֿועס. מען האָט אויך אַראָפּגעבראַכט צו אים אַ געווייסן דאָקטאָר פֿון דער סוויחע. ער האָט דער קראַנקייט אַ נאָמען געגעבן, פֿאַרשריבן רעצעפּטן, גענומען פֿאַרן וויזיט — און דאָס אַלצדינג האָט אַזוי פֿיל געהאָלפֿן ווי יענע אַלע באַבסקע מיטלען.

שרעקלעך איז געווען יענע נאַכט וואָס אַכט טאָג פֿאַר פּייסעך. רעב כאַיִם ליגט פֿאַרדולט מיט צוגעמאַכטע אויגן. דאָס מויל האַלב אָפֿן, די ליפּן פֿאַרברענט, קוים וואָס ער זשיפּיעט, וואָס אים שלאָגט זיך אָן אָדער און אין האַרצן כריפּעט, גלייך ווי מען זעגט. ציַיטנווייַז טוט ער זיך אַ קרים מיט אַ שווערן זיפֿץ, ווי אים איז שטאַרק נישט גוט. סאָרע בייגט זיך אָן איבער אים, רעדט צו אים, נאָר רעד צו דער וואַנט — ער איז פֿאַרדולט, ווייסט נישט, וואָס אַרום אים גייט פֿאָר.

סאָרע לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ, זיצנדיק לעבן אים, און וויינט שטילערהייט. לייע זיצט נישט ווײַט פֿון אים צוקאָפּנס און וואַרגט זיך מיט טרערן, געבנדיק זיך צווייַלן אַ וואָרף, אַ ציטער מיט אַלע גלידער.

אויף אַ לאַנגער באַנק אַקעגן, בײַ אַ טונקל-ברענענדיקן כיילעחדיקן ליכטל שאָקלט זיך שלוימעלע איבער אַ טילימל. אַ שטיל געבעט מיט זודיקע געפֿילן, הייסע טרערן גייט אים טיף אויס דעם האַרץ, טראָגנדיק זיך צום גנעדיקן, באַרעמהאַרציקן פֿאָטער אין הימל. ער וויינט, ער בעט, טראַכטנדיק אין זיך: אָ, ראַכמאָנעס, האָב ראַכמאָנעס, הייליקער פֿאָטער! אָ, טו אַ נעס, אַלמעכטיקער גאָט, שענק מיר און די קליינינטשקע קינדערלעך, וואָס ליגן פֿאַרשמאַכט, נעבעך, דאָ אין ווינקל — אָ, שענק אונדז אונדזער טאַטן! דערפֿאַר זאָגט ער צו גאָט בײַ זיך אין האַרצן צו טון זײַן געבאָט און דינען אים געטרײַ. שלוימעלע בעט, טײַנעט, און וואַרפֿט צווייַלן פֿונדערווײַטנס אַן אויג אויף די קראַנקן טאַטן, האָפֿנדיק — אָט-אָט טוט גאָט אַ נעס און אים אַ רעפֿועַ שלײמע. ווײַטער זאָגט ער אַ קאַפּיטל טי-

לים. ווײַטער אַזוי געטראַכט, ווײַטער אַזאַ בליק – און אָ, אַ פרייד! די מאַמע ווינקט צו לייען, טאַפּנדיק דעם כוילע בײַ די פּיס. ווינקט און מאַכט צו איר שטיל מיט אַ פריילעכער מינע:

– עס ווײַזט זיך שוויס.

– אומ–מ–ם! – מאַכט שלוימעלע, צונויפנעמענדיק זיך מיט אַלע קרעפטן, וואָס ס'האָט געהייסן: אַ גאָט, גוטער גאָט!...

ס'איז שוין שפּעט אין דער נאַכט. אַ קרייען פון הענער, בײַ שכיינים ערגעץ, פאַרטראָגט זיך אין שטוב. אויף דעם קראַנקן ליגט אַרויפגעוואָרפן אַ גרויסע איבערבעט. סאָרע דרייט זיך אַרום אים אויף די שפּיץ פינגער, דעקט אים אַלץ בעסער אײַן, ער זאָל גוט שוויצן. לייע נעמט די אַנטשלאָפן געוואָרענע קליינע קינדער אויף דער האַרטער באַנק און טראָגט זיי איבער אויף זייערע ערטער, הייסט שלוימעלען אויך גיין אויף זײַן אָרט שלאָפן.

שלוימעלע איז מיד, צעבראָכן פון אַזוי פיל פּײַן און יעסורים אַזאַ לאַנגע צײַט. עס דרייט זיך אים דער קאָפּ, עס קלעפּן זיך אים די אויגן, ער גייט, טוט זיך אַ וואָרף אין דעם אָנטון אויף זײַן געלעגער – און ווערט באַלד אַנטשלאָפן ווי אַ שטיין.

רעב כאַיִם איז אַקעגן טאָג געקומען צו די געדאַנקען, זיך פלוצים אויפגעזעצט, אָנטועענדיק זיך אַ קויעך, אָנגעקוקט שאַרף דאָס ווײַב, די טאָכטער, וואָס זענען געשטאַנען לעבן אים, און מיט אַ זיפץ אויפגעהויבן די אויגן אַרויף, קוים מאַכנדיק מיט די ליפּן: גאָט, פאָטער פון יעסוימים, דאַיאַן אַלמאָנעס!...

סאָרע און לייע לאָזן אַרויס אַ ביטער געוויין. רעב כאַיִם פאַלט אַנידער אויסצײַענדיק זיך אויפן בעט, טוט אַ כאָרכל – און איז טויט.

שלוימעלע האָט זיך געלייגט שלאָפן בײַנאַכט מיט אַ גרינג געמיט, פול האָפענונגען, אַז ער האָט אַ געשענקטן טאַטן,

און האָט זיך אויפגעכאַפּט אינדערפרי — אַ יאָסעם! ער טאַטע ליגט אויף דער ערד איבערגעדעקט מיט אַ שוואַרצן שטיק געוואַנד, אַזן אין שטוב הערט זיך אַ קלאָג! — — —

# דערקלערונגען פון שווערערע ווערטער

## א

אדערויף — האנטגעלט.

אייש־לעהאָדע — פייער־פלאם

אסיפע — פארזאמלונג.

איסעוו — א גוי, יאנקעווס ברודער.

איינעהאָרע — א בייז אויג.

אריסטאָ — בארימטער גריכישער פילאָזאָף און נאטור־פאָרשער

אגאדעס — לעגענדעס, מיסעס.

אפיקוירעס — אומגלייביקער

אכסאניעס — גאסטהייזער

ארשין — אזא מאָס, הייניקער פון א מעטער.

אנטיפקע — א גרויסע ליולקע.

אטעראצים — גראָבע יונגען, אומגעבילדעטע, אַפּגעלאזענע.

אוקאז — רעגירונגס־באפעל (רוסיש).

## ב

באטלאָנים — לײדיקגייער, מענטשן וואָס טוען גאָרנישט, זיצן נאָר אין בעסמעדרעש און לערנען.

באדכן — באזינגט כאָסן־קאַלע, מאכט פריילעך די געסט.

בימע — א הויכע פלאטפאָרם אין מיטן קלויז. פון דאָרט לייענט מען פאָר די טוירע.

ביעלאָרוסיע — ווייסרוסלאנד.

באשער — ווייל, אז.

בורשטין — בורשטין.

באַל אַכסאַניע — [illegible] פון א גאַסטהויז
באַל־מויעך — א [illegible]זם, א שאַרפער שׂכל.
בעגראַנדע — קריגעריש.

## ג

גזײרע — א שעדלעכע פאַראָרדענונג.
גזאַר־דין — אַן אומגליק, א שווערער אורטייל.
גויזער־מאַנים זיין — הייכן פאַסטן.
גייווע — שמאָלץ.
גאַס־באַזאַר — העפּקער, שוצלאָז.
גובקע — א שטעמל, א קנייטל.

## ד

דינים אומישפּאָטים — געזעצן.
דערעך — דער וועג, דער צוגאַנג.
דאַיאַן אַלמאָנעס — וואָס נעמט זיך אָן פאַר פרויען, וואָס זייערע מאַנען
זענען געשטאָרבן, געמיינט גאָט.

## ה

האַכנאָסן־בעקאָן — וואָס זענען דאָ אָנוועזנד.
הוישײנעס — ווערבעס.
האַוולײ־אוילעם — נאַרישקײטן.
היצמאַרכעס — באַדערפעניש.
האַסאָרע — אײנפאַל.
האַסראָע — א וואָרענונג, אָנזאָג.

## ז

זכוס־אָוועס — פאַרדינסט פון עלטערן.
זעצל — א צאָל אויפּעס, געבוירן פון איין מאָל אויסזיצן אויף אייער.

זאקרויב — אָנגערויבטע זאַכן.
זאַלאָג — איינליינ-געלט, קויציג.

# ט

טבילעס — אין אָנהייב.
טאַבטוינים — הויזן. גאַטקעס.
טאַלקעס — בינטלעך פּאָרעס.
טאַקסע — אַן אָפּצאָל פון קאָשער פלייש, וועלכער איז געווען באַשטימט פאַר די באַדערפעניש פון דער קעהילע.
טאַמציס — דער איקער, דאָס וויכטיקסטע.
טולופּ — אַ קורץ פוטערל ביז צו די קני.
טפיצעס-ישראל — אומעטום, וווּ ייִדן וווינען.
טנועס — מינעס, באַוועגונגען אויפן פּנים.
טאַרבעס — מוירע, דערשראָקנקייט.

# י

יעניקע — נאַרונג.

# כּ

כּעדע — הייטערקייט, פריילעכקייט.
כּקירעס — גריבלערייען, פאָרשונג, פילאָזאָפיע.
כּאַקראָנים — פילאָזאָפן, פאָרשערס.
כּקירעס-פּאָרים — וויסנשאַפטס-ביכער.

# ל

לעהאַהדיל — נישט צו פאַרגלייכן
לאַמדים — לערנערס.
לוידיי — נישט נאָר, נישט גענוג.
לעץ — אַ וויצלער.
לעמעך — אַ גוילעם.

## מ

מאָנטעפיאָרע — ענגליש-יידישער רייכער פילאַנטראָפ, געלעבט אין ערשטער העלפט פון 19-טן י"ה.

מויסער -- דאָס איבריקע.

מאַטער געזען — דערלויבט.

מעטרע — א לעגענדע, (מען זאָגט נאָר אזוי).

מאַראַש —וואָס איז דער מער, וואָס איז? !

מאַלחע — א מענטש וואָס באָרגט געלט.

מעלעך-עליון — דער קיניג פון הימל, א רעליגעז ליד.

מאָרעשכווירעדיק — אומעטיק.

מינכע — אָנטגעבעט.

מאַכנים-אוירעך — א גאַסטפריינדלעכער.

מעהאַטל מאַכן — צונישט מאַכן.

מעקעך-מאָעס — אָפּגענאַרט אין כעשבן.

מענוּשעם — גראָב, נישט איידל.

מעסיקעס — זיסקייט.

מיסכייעוו זיין זיך — פאַרפליכטן זיך.

## ס

סקאָוואָראָדע — פאַטעלניע.

סאַמבאַטיען — א לעגענדאַרער טייך, וואָס רויטט—און שטורעמט שטענדיק אויסער שאַבעס.

סאָלאָוויי — א נאַכטיגאַל, א זינגפויגל.

סילעקן — צוצאָלן.

## פ

פאָסטעמקעס — אויפפירונג, באַנעמונג.

פאַסקנט שיילעס — פאַרענטפערט פראַגן.

פריפיעטשיק — א מין קיכל בײַם אויוון.

פויאַלים — געזעלן, אַרבעטער

פליך — אויפעם וואָס וועדן אויסגעהאַרטעוועט פון אייער.
פּוראַניעס — שלעק, אומגליקן.
פּראַשעניעס — ביינער.
פּאָדאַטן — שטייערן.
פּאָרזאָגעדין — אַ פֿרוי, וואָס לייענט פֿאַר אין שול און די אַנדערע פֿרויען זאָגן נאָך.
פּנֵי האָיר — פֿאָרשטייער פֿון שטאָט, אָנגעזעענע בעלעבאַטים.

# ק

קאַרמוז — אַ מין הימל.
קעהיי-לישנע — מיט די הערמער
קיצוּע —-נעדראָחעס.
קיסע־האַקאָהער — גאַנס מראָן.
קאָשער-מאַנץ — מיצוה-מאַנץ, אַ טראַדיציאָנעלער מאַנץ, וועלכן די קאַלע מאַנצט אויס מיט אַלע געסט.
קאַזיאָנע — מעלוכישע.
קליי קוידעש — אָנגעשטעלטע אויף רעליגיעזע אַמטן, ווי ראַבאָנים, שאָכטים אד״ג.
קרעמיען — אַ מין שטיין צום אויסהאַקן פֿייער, קיזלשטיין.
קסאָוויס — בריוו.
קוימעיום — גרויסהאַלטעריש, האָפֿערדיק.
קיראָפּעווע — אַ ווילד גראָז וואָס ברים, ״פּאָקושיווע״.
קאָהעלם ליט — געזעלש. מוער, קאָבלעפל.
קימעלאָן — עס איז באַווּסט.

# ר

רובע — אַן אויתן צו הייצן.
רייסיש — וויסרוסיש.
רעקרוטן — צוגענומענע צו מיליטער-דינסט.
רייזעלעך — אויסשניצונגען אויפֿן פּאַפּיר.

# ש

שווריעס — האַרצל.

שלים — שלעבט.

שאַר־יערעקעס — מינע גרינסן — גענוצט אין זינען: פאַרשידענע זאַכן.

שווישאַנאַם יאַנקעת — אַ טראַדיציאָנעל פורים־ליד.

שאָפל — נידעריק, שלעכט.

# אינהאַלט:


| | |
|---|---|
| ביאָגראַפיע . . . . . . . . . . . | זייט 3 |
| ר' כאַיִמס שטוב . . . . . . . . . | 21 „ |
| ביי ר' כאַיִמען אין שטוב . . . . . . . | 23 „ |
| שלוימעלע און זיין מעלאַמעד ליפע רווונס . . . | 28 „ |
| יאָמים-נויראָים אין שטעטל . . . . . . | 32 „ |
| די שרעק פאַר „שקאָלעס" . . . . . . | 37 „ |
| שלוימעלע דערזעט פאַר זיך אַ נייע וועלט . . . | 41 „ |
| אייזיק דער שמיד א[illegible] ד[illegible]רצל קיילעס . . . . | [illegible] „ |
| די באַלמעלאָכעס און [illegible]ם אין שט[illegible] . . . | 52 „ |
| שלוימעלע האָט ליב [illegible]אַטור . . . . | 57 „ |
| שלוימעלע הייבט אָן דערפילן צאָר[illegible] . . . | 65 „ |
| יידן ווערן ערד-אַרבעטער . . . . . . . | 69 „ |
| ר' כאַיִם ווערט אַ יוירעד . . . . . . . | 76 „ |
| שלוימעלע — אַ יאַסעם . . . . . . . | 79 „ |

# פארלאג „קינדער־פריינד"

# קאטאלאג

פון די ביז־איצט דערשינענע ביכער.

## ביבליאטעק „א"

פאַר עלטערע קינדער און יוגנט.



## ביבליאטעק „ב"

פאַר קינדער ביז 10 יאָר.

אין ערשטן טעטיקייטס־פעריאָד פון מערץ ביז יוני 1935 דערשינען:

### ביבליאטעק „א" — 9 ביכער, פרייז **2.75** גילדן.

1. ..ט. טרעטיאַקאָוו — אַ כינעזיש ייִנגל, 3 ביכער — 1.35 גילדן
2. ר. ב. — אינדערלופטן פום פּאָליוס, 1 בוך — 0.45 „
3. עריך קעסטנער—עמיל און די דעטעקטיוון, 3 ביכער — 1.35 „
4. מ. גאָרקי — דאַנקאָ און אַנד. דערציילונגען, 1 בוך — 0.45 „
5. י. ל. פּרץ—ספּעצ. אויסגאַבע צום 20־טן יאָרצייט, 1 בוך — 0.45 „

### ביבליאטעק „ב" — 8 ביכער, **1.50** גילדן.

1. מ. מאַן — נאָענט פון ווייטנס, 1 ביכל — 0.30 גילדן
2. ס. מאַרשאַק — די פּאָסט, 1 ביכל — 0.30 „
3. ל. מיטשעל - ווער לויפט גיכער ?, 1 ביכל — 0.30 „
4. א. גיעוויערָאָוו—דערציילונגען פאַר קינדער, 1 ביכל — 0.30 „
5. מ. נאַטיש — טייבעלעך, 1 ביכל — 0.30 „
6. ר. קיפּלינג — דער קליינער העלפאַנט, 1 ביכל — 0.30 „
7. מ. פינטשעווסקי — פייגעלע און ראַקעלע, 1 ביכל — 0.30 „
8. לעאָן עלבע — די נאַרישע קאַץ, 1 ביכל — 0.30 „

**אלע 17 ביכער 3.80 גילדן. פּארטא פריי** (אין לאַנד)

## אין צווייטן טעטיקייטס-פעריאָד

### פון אָקטאָבער 1935 ביז ענדע יאַנואַר 1936 דערשינען:

### ביבליאָטעק „א" – 8 ביכער, פרייז 2.75 גילדן.

1. י. אַפּאַטאָשו — בלוט און פייער, 1 בוך — 0.45 גילדן
2. א. רייזען — פון צווייַ הײמען, 1 בוך — 0.45 „
3. ה. גורסקאַ — ייִנגלעך פון שטאָטישע גאַסן, 2 ביכער — 0.90 „
4. מענדעלע מויכער ספֿרים — שלוימע ר. כאַיִמס, אויסגאַבע צום 100-טן געבורטסטאָג (מיט ביאָגראַפיע פון מענדעלען), 1 בוך (טאָפּלט) — 0.90 „
5. ש. האַראַנטשיק — ביים שוועל, 3 ביכער — 1.35 „

### ביבליאָטעק „ב" – 8 ביכער, פרייז 1.50 גילדן.

1. ר. גאַלין — אַ מאַנטשיק מיידעלע, 1 ביכל — 0.30 גילדן
2. ס. ראָזאַנאָוו — גרעזעלעס פּאַסירונגען, 5 ביכלעך — 1.50 „
3. אָ. פּעראָווסקאַיאַ — הירשעלע, 2 ביכלעך — 0.60 „

### אלע 16 ביכער 3.80 גילדן, פּאָרטאָ פריי (אין לאַנד).

| | |
|---|---|
| 17 ביכער פון ביבל. „א" 5 גילדן | 16 ביכלעך פון ביבל. „ב" 2.75 גילדן |

| |
|---|
| 33 ביכער פון ביידע ביבליאָטעקן 7.50 גילדן מיטן איבערשיקן |

אַלע ביכער עסטעטיש בראָשירט.

די ביכער פון ביבל. „א" געדרוקט אויף פיינעם האָלצפרייַען פּאַפּיר.
די ביכער פון ביבל. „ב" געדרוקט אויף פיינעם קרייַדפּאַפּיר, מיט אילוסטראַציעס.

געלט דאַרף געשיקט ווערן דורך אַ Przekaz Rozrachunkowy (בלויער פּאָסט-בלאַנקעט), וואָס מען באַקומט אויף פּאָסט פּאַר 1 גראָשן, דערבייַ קאָסט נישט דאָס איבערשיקן קיין געלט. אויף דער צווייטער זייַט פון בלאַנקעט דאַרף גענוי אָנגעוויזן ווערן, אויף וואָס דאָס געלט ווערט געשיקט.

אַדרעס פאַר געלט:

„Kinder-Frajnd", Warszawa, Kartoteka 662

אַדרעס פאַר בריוו: „Kinder-Frajnd", Warszawa I, Miła 33 m. 24.

באַשטעלונגען ווערן אויסגעפירט אין טאָג פון באַקומען דאָס געלט.
צו אויסלענדישע באַשטעלונגען ווערט צוגערעכנט פאַר פּאָרטאָ: צו יעדן ביכל פון „א"—17 גר., צו יעדן ביכל פון „ב"—8 גראָשן.

Opłata pocztowa uiszczona ryczałtem

.פרייז 90 גר    № 15.    10 STYCZNIA 1936

# „Kinder - Frajnd"

DWUTYGODNIK

Adres redakcji i administracji: Warszawa 1, Miła 33 m. 24.